יאָסל לערנער

# ביז ס׳הייבט אָן טאָגן




תל־אביב, תשל״ז — 1977

דאָס בוך איז געהייליקט מײַן האַרצפּרײַנד

ליזע ז״ל

די טאָכטער פון סאָניע און יעקב דימיטמאַן ז״ל

## מע טרײַבט אונדז

(אלי אלי למה עזבתנו...)

מע טרײַבט אונדז און מיר גייען, גייען.
דער טויער פון בראָך איז ברייט צעפּראַלט.
מיט קברים אַלע וועגן מיר פאַרזייען,
בית-עולם איז געוואָרן פעלד און וואַלד.

דער הימל האָט זיך נידעריק אַראָפּגעבויגן,
זיך אײַנגעקוקט אַ פינצטערער אין אונדזער שאַנד.
ער האָט געשעמט זיך אונדז צו קוקן אין די אויגן,
כאָטש ס׳איז געווען אַ בילד אַזאַ אים גוט באַקאַנט...

מע טרײַבט אונדז און מיר שפּאַנען, שפּאַנען, שפּאַנען.
די לופט איז אָנגעזאָפּט מיט מאָרד און רויב. —
איז ערגעץ ווו פאַר אונדז אַ היים פאַראַנען?
איז אונדזער היים דער יאָמערדיקער וועג אין שטויב?...

די זון — אַ גרויסע געלע לאַטע,
פאַרחלשט ליגט די טאָגשײַן אויף דער ערד.
עס שלוכצן אין די בערד אַרײַן די טאַטעס:
האָסט ווידער, גאָט, פון אונדז זיך אָפּגעקערט...

1941

# אַנטקעגן וויסטן נסיון

די לבנה — אַן אָפּגעהאַקטער קאָפּ —
קוילערט זיך האַרט און שווער.
עמעצער שעכט די שטערן
און שלײַדערט זיי אַראָפּ אויף דער ערד...

דער הימל — אַ שוואַרץ באַדעקנס,
אַרום איז טויט און שגעון —
אונדזערע הערצער זענען געגאַנגען
אַנטקעגן וויסטן נסיון...

די סלופּעס בײַם וועג זענען תּליות,
פון יעדן ליימיקן יאַר,
פון יעדן חרובן הײַזל
געוואַלדעוועט שרעק און געפּאַר...

די לופט איז פול מיט בייז ווונדער,
די כוואַליעס אין דניעסטער וויען.
אונדזערע לעבנס זענען געגאַנגען
אַנטקעגן וויסטן נסיון...

1941

# די אָוונטן אין געטאָ

די אָוונטן אין געטאָ גייען אום מיט קלאָגנדיקע טריט,
ווי מאַמעס נאָך דעם טויטן-וואָגן.
זיי שטייען בײַ דעם געטאָ-טויער מיט טונקעלן געמיט
און וואַרטן עס זאָל אָנהייבן שוין טאָגן.

בײַ די בלינדע פענצטער ווערט שאַרפער דער געהער,
ווי האָזן שפּיצן זיי — צום מינדסטן שאָרך — די אויערן.
אַז יעדער צווײַג איז אַן אָנגעשטעלט געווער,
און יעדער שאָטן — אַ קוילער בײַ די טויערן.

פון דער לבנה קוקט יהושעס פּנים קרום, —
ער קאָן ניט אונדזער צער פאַרטראָגן
און ניט שטילן, —
קומען וואָלקנס אָן פון אומעטום
און נעמען אים מיט שוואַרצע לײַלעכער פאַרהילן...

1941

## דורך די צעבראָכענע פענצטער

דורך די צעבראָכענע פענצטער קריכט אַרײַן
דער ווינט,
צעוואַרפט די געלעגערס פון שטרוי.
אין אַ פאַרבלוטיקטן ליק וואַלגערט זיך אַ קינד
אײַנגעדעקט מיט הימלגרוי...

שאָטנס שלײַכן זיך אַדורך מיט פאַרבלוטיקטע
הענט
און עמעצער שרײַט: מע גייט! —
שטעלן זיך אויס אין ריי די נאַסע ווענט
און ווי מיר צום אומגליק גרייט...

1941

# די וויזיעס פון מײַן זיידן בײַם בלוטיקן טאָל

דײַנע תּפֿילות, זיידע, זענען אַוועק מיטן ווינט.
און מיט „שדי" צווישן דײַנע פֿרומע פֿינגער
ביסטו געגאַנגען דעם גורל אַנטקעגן אַזוי ווי אַ קינד.

און ווען מ'האָט געפֿירט דיך צום בלוטיקן טאָל
איז דײַן ווונטש געווען אומצוקומען מיטן רבֿ צוזאַמען
און לאַנג און דבֿיקותדיק אַרויסשרײַען דעם „שמע־ישׂראל"...

דער הימל איז געווען פֿאַרצוימט מיט שטעכיק דראָט
און ס'האָט דײַן אויג אַרומגעבלאָנדזשעט און געזוכט דאָרט גאָט,
און האָסט דערזען ווי אויכעט אים מע פֿירט, אין ברוסט אַ שפּיז
און ספֿר־תּורות בלוטיקע פֿאַרהילן זײַנע פֿיס.

— ר' דניאל, זעט! — האָסטו מיט שרעק געווענדעט זיך
צום אַלטן רבֿ, —
אָ, זעט, מע פֿירט דעם פֿאַסטעך שעכטן צוזאַמען מיט די שאָף.
אָ, זעט, ר' דניאל!
נאָר דער אַלטער רבֿ, פֿאַרמאַטערט און דערשעפּט,
האָט בלויז געהערט ווי אינעם טאָל אַ קוילן־וואַרפֿער שטעפּט.

דער אַלטער רבֿ האָט בלויז געזען ווי ייִדן קומען אום,
און ס'איז דער הימל ווײַט, און ס'איז דער הימל שטום.
— ניט גאָט, מײַן פֿרײַנד, מע פֿירט אַהער צום טאָל פֿון בלוט;
דאָס טונקט זיך זון אַצינד אין מערבֿדיקן גלוט.

— אָ, ר' דניאל, הערט! סע זינגען די מלאָכים לעצטע שירה, הערט!
— ניין, ניין, מײַן פֿרײַנד, דאָס זענען לעצטע ראַנגלענדיקע ווייען
אונטער תּליינס שווערד.

זעט! מע וואַרפט די עופּעלעך אין גרוב לעבעדיקערהייט,
און מאַמעס שטייען שווײַגנדיקע, אומצוקומען גרייט.

גענוג פּאַר מיר, גענוג, איך וויל אומקומען מיט זיי,
מיט אַט די קליינע קדושים אומקומען. וויי און אייביק וויי!...

און פּלוצעם האָסטו דערזען:
אַט גייט ר׳ חנינא בן תּרדיון, און ר׳ עקיבא גייט,
די בערד זייערע ווי ווײַסע פּרוכתן צעשפּרייט.

— קומט, ר׳ דניאל, איר האָט זיי ניט דערקענט? —
נאָר ס׳האָט דער רב געצאַפּלט שוין אין תּלינס הענט,

זײַן גרויע באָרד האָט שוין געבלוטיקט אונטער תּלינס פּיס
און ס׳האָט דער טויט געציטערט אויף זײַנע מידע וויִעס.

האָסטו זיך אומגעקוקט אַרום און עמעצן געזוכט
און האָסט דעראַנט, אַז ס׳האָט זיך בלויז דיר אויסגעדוכט.

האָסטו זיך אומגעקוקט אַרום און קיינעם מער געזען
און האָסט דעראַנט, אַז אַלעס איז אַ זעונג בלויז געווען.

האָסטו אַ הייב געטאָן צום הימל דײַנע אויסגעפּרווטע הענט:
— צי האָט מען דיך, מײַן גאָט, ווי אונדז פאַרשפּיגן און געשענדט?

צי ביסטו אויסגעשטעלט ווי מיר, מײַן גאָט, צו רויב און מאָרד? —
נאָר ס׳האָט געטליִעט אין דײַן קעל דאָס לעצטע וואָרט,
געפּיבערט האָט דער לעצטער זאָג אין דײַן געבראָכן קול,
און ס׳האָט פאַרשלונגען זיך דאָס מויל פון בלוטיקדיקן טאָל.

לוטשינעץ — טראַנסניסטריע 1942

*

ס׳האָט אַ ווילדע מראה
אײַנגעהילט די שטאָט.
אויף אַ רויטער כמאַרע
ליגט פֿאַרוווּנדעט גאָט.

און אַ רעגן־בויגן
גרין און געל און רויט
האָט זיך אויסגעצויגן
ווי אַ לאַנגער קנויט

און אַראָפּגעהאַנגען
ווי אַ תּליה־שטריק —
ס׳איז די שײַן פֿאַרגאַנגען
פֿון אײעדנס בליק.

הענגט אַ שווערער הימל
בלינד און טויב און שטום.
און די וועלט פֿאַרשימלט
און געוואַלד אַרום.

אויף דער וויסטער נאַרע
טעג און נעכט איך קלײַב,
טעג און נעכט די דאַרע
צערן אָפּ מײַן לײַב.

פון וואַגנען מוט אַ טראָפּן ?
מײַן טויטער מאַמעס טרער
וואַכט בײַ מײַן צוקאָפּנס,
היט מײַן וועגד און קער

אין מײַן אָרעם ווינקל
אויף מײַן נאַרע־בעט,
לאָזט מיך נישט פאַרזינקען
אין דעם הינערפּלעט...

1942

# צען גוטע ברידערלעך

## (באַלאַדע)

א מצבה די צען חברים, וואָס די דײַטשן
האָבן אומגעבראַכט דעם 10טן יאַנואַר 1944
אין ניקאָלאַיעוו פאַר סאַבאָטאַזש.

צען גוטע ברידערלעך זענען זיי געווען
און זענען שוין מער נישטאָ.
מ׳האָט זיי געבראַכט אויף אַרבעט אַהער
אין אַ בייזער שעה.

מ׳האָט זיי קיין ניקאָלאַיעוו געבראַכט
צו בויען אַ נײַע בריק.
זיי האָבן געזאָגט: „איידער בויען פאַר זיי,
שוין גלײַכער אויפן שטריק!"

זיי האָבן געשווירן און עדות געשטעלט
די אייביקע הימל און ערד.
און וואָס מע האָט אויפגעבויט פאַרן טאָג,
האָט מען בײַ נאַכט צעשטערט.

געווען איז אַ קאַלטער פאַרטאָג אין יאַנואַר
פון פיראונפערציקסטן יאָר,
אַ שטערן אַ לעצטער האָט ווו נאָך געברענט,
דער הימל האַלב טונקל, נאָר קלאָר.

דער שניי איז געלעגן אַ בלויער אויף דר׳ערד
און האָט דעם וועג באַהעלט.
אויפן נאָענטן בערגל האָבן הענקערס צען
אַ תליה אויפגעשטעלט.

פון ווײַטנס האָט זיך געשאָטנט אַ דאָרף,
געהערט האָט זיך הענער־געקריי...
עס זענען געגאַן גוטע־ברידערלעך צען
אינעם בלויען שניי.

זענען געגאַן גוטע־ברידערלעך צען
(פון ווײַטנס די תליה מע זעט),
און ס'האָט דער קאַלטער פרימאָרגן־ווינט
געקושט זיי און געגלעט.

האָט ישראליק בלאַנק געזאָגט אַזוי:
— ס'איז שרעקלעך דער לעצטער וועג,
נאָר גייסטו שטאַרבן פאַר אַ גערעכטער זאַך,
טרעט אָפּ פון דיר די שרעק.

האָט שאול קרעסטענעצקי געשמייכלט מילד,
און קלאָר איז געווען זײַן בליק:
— יאָ, שטאַרבן פאַר אַ גערעכטער זאַך,
הייסט אויך דעם טויט באַזיגט.

האָט מאָטעם קווייט אַ ציטער געטאָן:
— אוי, פרײַנטעלעך מײַנע, איר הערט?
פון פײַנטלעכע שטיוול צעטראָטן, געשענדט,
קלאָגט און סע יאָמערט די ערד...

— סע דאַכט זיך דיר אויס, אַז ס'יאָמערט די ערד —
געגלעט האָט אים שימחה שרויט, —
הער צו ווי זי שרײַט און זי מאָנט, די ערד,
פאַר שאַנד און פאַר חורבן און טויט!...

האָט חיים קליינמאַן פאַרהויבן דעם קאָפּ:
— ער קומט, ער איז נאָענט דער טאָג! —
און יאַנקל רימער האָט וואָרט ביַי וואָרט
די רייד זיַינע נאָכגעזאָגט...

— געגאַנגען! — אַ הוקע געטאָן האָט דער פיַינד —
אַ קריפּל דאַר און הויך. —
וואָס איז פאַר אַ מורמלען? שנעלער, שנעל! —
און אַ קלאַפּ, און אַ שטורך, און אַ שטויס.

האָט איציקל גראָ זיך געטאָן אַ וואָרף
און וואַרגט דעם קריפּל און שטיקט.
אין שניי ליגט דער קריפּל מיט אָפענעם מויל,
מיט הכנעה אין הינטישן בליק.

אַ קנאַל. אַ שנירעלע בלוט אויף דער באַק,
און געפאַלן איז איציקל גראָ,
אויך משה גלעזער און ראובן בעזנאָס —
אין דער ווינטער־פאַרטאָגיקער שעה.

זענען פאַרבליבן שוין זיבן נאָר,
דער וועג איז שוין באַלד צו ענד.
זיי האָבן די טויטע חברים די דריַי
געטראָגן אויף זייערע הענט.

אויף שנייִקן בערגל די תּליה וואַרט,
סע שטייען די הענקערס גרייט...
האָט לייבל סוכער פאַרבײַלט זיַין פויסט:
— תּלינים, וויי צו אײַער פרייד!

ניט צען, נאָר מיליאָנען מיר זענען פאַראַן,
אונדזערער איז ער, דער זיג!
און ס׳האָבן אין איין קול געענטפערט די זעקס:
— אונדזערער איז ער דער זיג!!!

— — —

זענען געהאַנגען אַ טאָג מיט אַ נאַכט
די גוטע ברידערלעך צען.
דער ווינט, וואָס האָט זיי צום טויט באַגלייט,
איז אויך דערביַי געווען.

איז ער אַוועק איבער וויסטן פעלד,
וואָס איז געוואָרן פרעמד.
דער רויטער פלעק אויפן ווייַסן שניי
האָט געברענט און געברענט און געברענט...

1944

## אידיליע

אויפֿן דאַך פֿון אַ פּוסט־און־ווייסטן הויז
שטייט אַ רויבפֿויגל
בראַוו און נאָבל
מיט אַן איילבערטבלאַט
אין פֿאַרבלוטיקטן שנאָבל...

פֿונעם שטאַרצנדיקן קוימען
גייט ניט מער קיין רויך,
דער הימל איז ריין
און בלוי
און הויך. —
די קרעמאַטאָריעס פֿון אָשווענטשים,
טרעבלינקע
און מײַדאַנעק
רוען שוין אויך...

1945

## רעמינעסצענץ

שורות סלופּעס מיט טעלעגראַפֿן־דראָטן,
פֿייגעלעך זינגען אויף זיי
ווי אויף נאָטן. —

פֿאַר וואָס זשע קומען אויפֿן זינען מיר
די שטעכלדראָטן ? ! ..

אַ בלויער רויך אַ צאַרטער שלענגלט פֿון אַ קוימען,
כוואַליעט,
טוט די וואָלקנדלעך באַזוימען. —

פֿאַר וואָס זשע קומען אויפֿן זינען מיר
די קרעמאַטאָריע־קוימענס ? ! ...

1945

# אַ מצבה פאַר דודל רובינאָוויטש

(...12טער אויגוסט 1940 — „די גאַנצע צײַט פון דער מלחמה לערן איך זיך אין דער היים. אַז איך דערמאָן זיך ווי איך בין געגאַנגען אין שול, גלוסט זיך מיר וויינען. און הייַנט מוז איך זיצן אין שטוב, אין ערגעץ ניט אַרויסגיין. און אַז איך דערמאָן זיך וואָס פאַר אַ מלחמות קומען פאַר אויף דער וועלט, וויפל מענטשן עס פאַלן פון קוילן, פון גאַזן, פון באָמבעס, פון עפּידעמיעס און אַנדערע שונאים פון די מענטשן, איז פאַרליר איך דעם ווילן צו אַלץ" — — —

(פון דודל רובינאָוויטשעס טאָגבוך)

וואָלסט הײַנט געווען אַ מאַן פון צוויי און דרײַסיק יאָר, —
אַן עלטער פול מיט בלי, מיט אָטעם און מיט שטראַלן.
נאָר אַנדערש אויסגעפורעמט האָט דער גורל יִדישער דײַן וואָר.
געיובלט האָבן ווילד אין איר די קאַניבאַלן.

דײַן טאָגבוך, דודל, וואָרט נאָך וואָרט איך לייען,
דײַן יעדע שורה, יעדע אָנגעמערקטע דאַטע —
עס קוקט אַרויס פון זיי און וויינט און וויינט
דאָס צוגעסטריגעוועטע מגן־דודל אויף דײַן געלער לאַטע.

דערמאָנסט זיך ווען דו ביסט אין שול אַרײַן געגאַן, —
דײַנע טרערן מײַן ברוסט די וווּנדיקע צעפּראַלן.
אויף דײַן יעדן ריר און נויג, אויף יעדן טריט און שפּאַן
געלויערט האָבן היענעס און שאַקאַלן.

גערדרייט זיך אין אַ ווייכער האָבן וויי—און—ווינד,
אַרײַנגעשלעפּט דיך אין דעם טויטנטאַנץ פֿון די זעקס מיליאָן
קדושים. —

אָ, דודל, מײַן אָרעם ייִדיש קינד! —
קדוש!
קדוש!
קדוש!
די ערד און אַלע זיבן הימלען רוישן...

1960

# איינע פון זעקס מיליאָן

דאָס בילד —
עס טרעט ניט אָפּ פון מײַנע אויגן.

אַ נאַקעט פעלד,
דער טויט איז אָנגעפלויגן.
פּאָכעט מיט גיפטיק־שטעכעדיקע פליגל.

צוגעטוליעט צו איר שוים דאָס קינד,
פאַרשטאַרט
שטייט זי אָנגעבויגן.
וואָרט —
אַראָפּלאָזן איר לעבן זאָל דעם ריגל.

הינטער איר דער מערדער שטייט.
די ביקס — צום קאָפּ געצילט —
איז גרייט...
דער לעצטער טראָפּן לעבן
צאַפּלט אין איר כּוס —

אַ רגע פאַרן שאָס.
— — —
אַ נאַקעט פעלד.
דער טויט איז אָנגעפלויגן. —
דאָס בילד
עס טרעט ניט אָפּ פון מײַנע אויגן...

1960

## הער שוין אויף צו וויינען

הער שוין אויף צו וויינען,
שוין גענוג צו קלאָגן,
ניַין און ניַינציק חנען
האָבן די פאַרטאָגן.

ניַין און ניַינציק וווּנדער
זענען די פאַרנאַכטן. —
גראָבל נישט די ווווּנדן
די שוין האַלב־פאַרמאַכטע ! ...

קברים אויף די וועגן ?
היימען אין רוּינען ?
דרויסן זון און רעגן
און די טאָלן גרינען

און די שטערן רוישן
און די הימלען וואַכן. —
וועסט די טיַיערע קדושים
לעבעדיק נישט מאַכן...

לייג דיַין קאָפּ אַנידער
אויף מיַין מידן אַקסל.
הער, עס זינגען לידער
קינדערלעך און וואַקסן,

און אויף ערטער וויסטע
בליט אַ נײַער יישוב.
זאָג, ווּהין זשע ציסטו
האַרץ מײַנס, ווי אין כּישוף?

גרוילן און געשפּענסטער
האָבן דיך פֿאַרמאַטערט?
זע ווי בײַ דײַן פֿענצטער
גינגאָלד ריינער פֿלאַטערט!

ווײַל נישט אַלץ געעקט איז
און פֿון ווייַ צעפּרעסן. —
וואָס פֿון ערד פֿאַרדעקט איז,
מוז מען דאָך פֿאַרגעסן!...

— — —

נײַן און נײַנציק וווּנדער,
נײַן און נײַנציק חנען,
נאָר אין האַרץ די וווּנדן
בלוטיקן און וויינען...

1960

# צו גאַסט

אַהיים — ווו ס'איז אַ מאָל מיַין וויג געשטאַנען —
איך בין צו גאַסט געקומען הײַנט צו טאַטע־מאַמע...
דער בית־הקברות שוויַיגט, און נאָר די ביימער אַנען
מיַין טיפן ווײי צו אַלץ, וואָס איז ניט מער פאַראַנען:
מיַין היים, ווו ס'איז אַ מאָל מיַין וויג געשטאַנען...

אַ דינע שטילקייט הערשט אין קעניגרײַך פון טויט...
נאָר דאָרט, פון יענער זײַט דעם בית־הקברות־פּלויט,
האָט וויַיט דער הימל זיך צעשפּרייט און טיף פאַרבלויט.
אַ העזל הריזעט און פּאַסמאַקעוועט אַ הייפטל קרויט.
און זון באַשפּריצט מיט ריינעם גאָלד די פעלדער ברויט.

די רויִקייט אַרום באַרויִקט מיַין געמיט,
און אַלץ וואָס ס'האָט אין האַרץ ביַי מיר געבריט
האָט שטיל, ווי דער אַרום, צעוואַקסן זיך אין ליד
און מיך געגרייט פאַר מאָרגנדיקן שניט
און פעסטער מיך צום לעבן צוגעשמידט.

1962

# איך שטיי איצט בײַ דײַן קבר, מאַמע

איך שטיי איצט בײַ דײַן קבר, מאַמע.
כ'האָב יענע־נאַכט געחלומט, איך זע דיך טאַפּטשען
אין אַ בלאָטע.
ביז איך געקומען איצט אַ קוק טאָן אויף דײַן קבר
און דעם טאַטנס.

דײַן מצבה אײַנגעבויגן שטייט,
די אותיות — האַלב אָפּגעמעקטע — שווער צום איבערלייענען.
אַ וויסטע שטילקייט דאָ. די ביימער שווײַגן
און מיר דאַכט זיך, איך הער דיך, מאַמע, וויינען.

באַרויִק זיך געטרײַע! אָ, מוטער מײַנע, מאַמע!
צי האָסטו וויייניק נאָך זיך אָנגעוויינט בײַם לעבן!?
עס ציטערן נאָך הײַנט די קוויטלעך דײַנע אַלע
וואָס שיקן פלעגסט צום שטעפּאַנעשטער רבין...

דו ביסט נאָך אַ בר־מזל, מאַמע. (אַז ווי דעם מזל!)
דער גורל האָט געשוינט דיך, ניט געטריבן
ווי אַנדערע, וואָס זייערע ביינער זענען
אויף די וועגן פון טראַנסניסטריע פאַרבליבן...

געגאַנגען איז מען שטיל. געשריגן האָבן נאָר
די מגן־דודס אויף די גרויסע געלע לאַטעס...
נו, שוין גענוג, מײַן טײַערע, כ'וועל צוגיין איצט
אַ רייד טאָן מיטן קבר פונעם טאַטן...

1962

# איך האָב, טאַטע, נישט פֿאַרשעמט דײַן נאָמען

איך האָב, טאַטע, נישט פֿאַרשעמט דײַן נאָמען. —
דאָס לעבן מיך געטראָגן האָט איבער פֿינצטערע
תּהומען,
און ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן
זענען צרות אָנגעוואַקסן
פֿון זונען־שׂרפֿות,
פֿון רעגנס־שלאַקסן.

איך בין אויסגעשטאַנען. בין געבליבן לעבן.
ווײַל נישט אויפֿגעהערט האָט שוועבן
אַרום מיר דײַן פּנים,
דײַנע שטילע לויטערע געזאַנגען.

מיר דײַן שײַנענדיקער נאָמען נאָכגעגאַנגען
ווי אַ גוטער מלאך,
הייליק. —
טאַטע מײַנער,
זעליק !...

1962

# אַלץ איז גורל

א

טאַטע־מאַמע, ברידער, שוועסטער,
דאָס הויז ווו כ׳בין געבוירן,
חברים, לערערס, שכנים —
באַזונדער און אין איינעם —
אַלץ איז גורל.

דאָס גוטע און שלעכטע וואָס אַרום מיר,
וואָס איך פאַרמאָג,
וואָס אָנגעווווירן.
מײַן פרייד און שײַן,
מײַן לייד און פּײַן
וואָס געווען און וואָס ס׳וועט זײַן —
אַלץ איז גורל.

מײַן ליד, מײַן שמייכל און מײַן טרער,
מײַן לעבן און מײַן דויער,
מײַן פאָלק צו וועמען איך געהער,
מײַן לאַנד,
מײַן שפּראַך,
מײַן ווענד און קער —
איז מײַן גורל...

ב

ס'האָט דער גורל מיר געזאָגט:
דו נאַר,
זוכסט אַרום אַ ווינט אין פעלד,
מײַן פּנים איז פאַר יעדערן פאַרשטעלט
און געחתמעט איז דער גזר.

ערגעץ ווו עס פאַשען זיך
דײַנע זיבן פעטע קי
און אויך די זיבן קי דײַנע, די דאַרע.
ווערסט האָבן נאָך אי קאַלטס,
אי וואַרעמס
און איך בין בלויז, מײַן פרײַנד,
דער אונטערצי...

ג

דער מענטש ווייסט שוין דעם וועג
צו די ווייַטסטע פּלאַנעטן,
צו די העכסטע הייכן.
נאָר דעם וועג צו אַ מענטשלעך האַרץ —
מיט דער האַנט צו דערלאַנגען —
ווען וועט ער דערגרייכן?...

ד

איך זינג דעם זונשטראַל אַ לויב.
אינעם זונשטראַל וואָס דרינגט דורך מײַן פֿענצטער אַרײַן —
אין דער פֿאַרכּישופֿטער שײַן —
טאַנצט אַ גאָלדענע טויב.
אין איר שנאָבל אַ בלאַט
פֿון אַן אײלבערטבוים,
נאָר אינעם זײַל פֿון שטויב
צייכנט עמעצנס אַ האַנט
אַ דערנערקרוין...

ה

די שושקעריַי פון אַ פּאָרל הינטער מײַן פענצטער
מיך אײַנגעוויגט האָט אין אַ טיפן שלאָף.

געווען איז דער חלום
מיט אַן „אָנהייב" אַ גוטן
און אַ גליקלעכער „מיט"...

האָט אַ געוויין געמאַכט אינעם חלום
אַ שניט
און אויסגעמעקט דעם „סוף"...

ו

## דער טײַך.

מיט זײַנע װאַסערן אָפּגעריסענע זעגנען
מײַנע ייִנגל־יאָרן.
ער איז רויִקער געװאָרן.
כאָטש די אַקסלען זײַנע אָנגעבויגן
שוין אַ קאַפּל,
זײַן גרינאַפּל —
אַשקאָליר.
דרינגט טיף אַרײַן אין מיר
זײַן קלוגער שמייכל,
זײַן שטילער, אומעטיקער ניגון. —
װערט רויִק אויך מײַן האַרץ
און הערט שוין אויף מיט מיר זיך קריגן...

ז

דער שמאָלינקער שטעג, וווּהין פירט ער?
אַהין, צו דעם וועג,
און פאַרלירט זיך...

און דער וועג וווּהין פירט?
אַהין, צו דעם שליאַך,
און פאַרלירט זיך...

און דער שליאַך וווּהין פירט?
צוריק צו דעם וועג.
און דער וועג?
צוריק צו דעם שטעג.
און ווידער צום שליאַך?

ח

איז שווער דעם באַרג־אַרויף צו גיין?
ס'איז לײַכט וואָס לײַכטער קאָן ניט זײַן.

דער אָנהייב וועג —
די גלידער לעכצן
און אַלט דו ביסט ערשט
אַ יאָר זעכצן.

איז לײַכט דעם באַרג־אַראָפּ צו גיין?
ס'איז שווער וואָס שווערער קאָן ניט זײַן.

דער סוף פון וועג —
די גלידער קרעכצן
און אַלט דו ביסט שוין
אַריבער זעכציק...

*

די כמאַרעס רײַזן, רײַזן.
שוין אויסגעוועזן און אויסגעזען אַ וועלט:
דער טויט באַזאָרגט איז מיט אַן אייביק פּעסט
געצעלט.
דאָס לעבן וואַנדערט אום צווישן וואָר
און חלום,
טראָגט בײַ זיך אין בוזעם
די גרויסע בענקשאַפט —
צום קלאָר-ווײַסן ציגעלע,
און צו דער גאָלדענער פּאַווע
פון דעם הבל-הבלים...

*

לאָמיר זיך לערנען בײַ דער ערד
גאַסטפֿרײַנדלעך זײַן און גוט.
אַפֿילו דאָס אָרעמע גראָז
גיט אַ היים
פֿאַר מיליאָנען באַשעפֿענישן,
נערט זיי מיט זײַן בלוט.

די ערד, אונדזער גוטע מאַמע־ערד,
מיר טרעטן זי מיט די פֿיס —
נאָר זי שמייכלט צו אונדז.
מיר עקבערן זי מיט אײַזנס —
זי גיט אונדז וואַסער.
מיר שנײַדן פֿון איר פֿאַסן —
זי זעטיקט אונדז מיט ברויט.
טוליעט צו זיך
ווען מיר זענען טויט.

אונדזער מאַמע,
אונדזער גוטע מאַמע־ערד...

## הימען צום לעבן

איר זאָגט: ניין! מיר זאָגן: יאָ!
איר זאָגט: דאָרט! מיר זאָגן: דאָ!
באַרג און וואַלד און סטעפּ און פעלד
לעבט און גרינט, און זינגט און קוועלט.
אויך דאָס מינדסטע שטענגל גראָז
פאַר דעם לעבן הייבט זײַן כּוס.
און דער דינסטער זשום פון בין
ברענגט די בלום אַראָפּ פון זין.
סײַ דער פויגל, סײַ די גריל —
אַלצדינג לעבט און לעבן וויל...

איר זאָגט: ייִאוש! מיר זאָגן: מוט!
איר זאָגט: שלעכט! מיר זאָגן: גוט!
ווײַל אַפילו שטויב און שטיין
האָבן רייץ און האָבן חן.
און דער רויש פון בלעטערפאַל,
און דער ברומענדיקער קוואַל,
און דער צאַפּל פון אַ שטערן,
און דאָס זײַן, וואָס האַלט אין ווערן,
און די רחבות פונעם ים,
און מײַן קלינגענדיקער גראַם —
גיט דעם לעבן אַפּ זײַן שטים,
זינגט דעם לעבן אויס אַ הימען...

# דער אַלטער זייגער

דער אומרו פון מײַן וואַנטזייגער שאָקלט זיך נישט מער,
אַנגעוווירן האָט דער וואַנטזייגער דאָס לשון.
הענגט ער אויף דער וואַנט ווי אויסגעלאָשן,
פֿאַרלוירן, ווי אַ גר.

ווי אין אַ תּפֿילה שטיל, פֿאַרלייגט די הענט,
קוקט ער, גלײַך ער וויל מיר זאָגן:
אין מײַן לעצטער שעה וואָס האָט געשלאָגן
האָט די צײַט אין גאַנצן אויסגעברענט...

איך נעם אַראָפּ אים פון דער וואַנט און זאָג:
די צײַט זי איז אומשטערבלעך,
נאָר מיר, ווי שערבלעך
אויסגעשטעלט צו פֿינצטערע געזעצן האַרטע
פון „לכך נוצרת"...

*

וואָס קלאַפּט אַזוי דער רעגן אין די שויבן,
הערט נישט אויף צו האָגלען?

אונטערוועגנס,
אין אַ ווײַטער פרעמדער וועלט,
טרינקען וואַנדערער פינצטערניש און קעלט
פולע לאָגלען.

קום, לאָמיר זיי אַנטקעגן גיין, מײַן פרײַנד,
ווערן שותּפים אין זייער וואָגלען!...

*

די פרייד פון דער וועלט איז נישט איינע אַליין,
זי טוליעט זיך צו צו אַן עלנטן שטיין
ערגעץ ווו אויף אַ וועג,
ערגעץ ווו אויף אַ פעלד
און פֿאַרוויגט זײַן געוויין.

די פרייד פון דער וועלט איז די וואָר און דער טרוים,
זי זעצט זיך אַרויף אויף אַ צווײַג פון אַ בוים
און קרײַזט אַרום יעדינקן בלעטל אַרום
אַ ליכטיקן זוים.

און עס טרעפט אין אַ טאָג אַזאַ גליקלעכע שעה,
ווען די פרייד איז בײַ דיר אַ צעצוויטעטע דאָ,
און דו שטוינסט, גלײַך דערזען האָסט
אַ שניי־ווײַסע קראָ...

## ניט אין וויסטן מידבר

ניט אין וויסטן מידבר
און ניט אויף ווײַטע ימען —
פֿאַרבלאָנדזשעט האָב איך אין אַ וואַלד
פֿון ווערטער און פֿון גראַמען.

גיי איך טריט בײַ טריט
דעם אַרויסגאַנג זוכן.
ווער זשע האָט פֿאַרשטעלט אים,
צו אַל די שוואַרצע רוחות?

זוך איך אין די טיפֿן,
זוך איך אין די הייכן:
גיט מיר כאָטש אַ סימן!
ווײַזט מיר ווער אַ צייכן!

ענטפֿערט מיר אַ בת-קול:
ס'איז אַ וועג פֿאַראַנען.
נעמען זאָלסט די שטאַרקייט
בײַ די ביימערשטאַמען.

פֿרישקייט נעם בײַ ווינטלעך
לינדע, ווען זיי בלאָזן.
און דעם פֿרומען ציטער —
בײַ די שטילע גראָזן.

נעם די דינסטע פֿאַרבן
ביַי די צאַרטע בלומען.
ביַי דעם קוואַל — זײַן קלאָרקייט
און זײַן איידל ברומען.

פֿון אַרום זאָלסט נעמען
ברייטן, פֿרײַען אָטעם.
שטילע רו —
זאָלסט נעמען ביַי דעם גרינעם שאָטן.

נאָר דאָס טרײַע לשון
נעם ביַי טאַטע־מאַמע —
פּשטות פֿאַר די ווערטער,
קלאַנגען פֿאַר די גראַמען...

# ווערטער

גאָט האָט באַשאַפֿן אַ וועלט מיט ווערטער,
האָט זיי צעשטעלט און באַשטימט זייערע ערטער.
ווערטער גוטע, ווערטער שלעכטע,
ווערטער שולדיקע, ווערטער גערעכטע.

עס האָבן די ווערטער פֿאַרשיידענע טײַטשן:
ווערטער צאַרטע, ווערטער בײַטשן,
ווערטער וואָס לאַכן און וואָס וויינען,
ווערטער וואָס זאָגן נישט דאָס, וואָס זיי מיינען.

ווערטער ווי פֿידלען, ווערטער ווי באַסן,
ווערטער וואָס לויפֿן אַרום אויף די גאַסן.
ווערטער וואָס זענען געאַכט און באַליביק,
ווערטער — באַזעצט זיך אין זיי האָט אַ דיבוק.

ווערטער מיט קדושה, ווערטער מיט טומאה,
ווערטער וואָס ברענגען געוואַלד און מהומה,
ווערטער פֿאַר פֿרײַנד און ווערטער פֿאַר שׂונאים,
ווערטער — אַז ווײַ צו זייער טרייפֿענעם פּנים.

ווערטער מיט צער, ווערטער מיט גלויבן,
ווערטער וואָס שרײַען, און שטילע ווי טויבן,
ווערטער ווי מילדקייט, ווערטער ווי צאָרן. —
מע מוז מיט זיי זײַן ווי מיט פֿײַער געוואָרנט...

# אַזאַ צאַרטקייט

אַזאַ צאַרטקייט, אַזאַ מילדקייט
שטראַלט אַרויס פון מינדסטן גריַיז,
ווען ער בייַט דעם זין צום גוטן,
בייַט די פּראָבע
און דעם פּרייַז.

אַזאַ האַרטקייט, אַזאַ ווילדקייט
שפּאַרט אַרויס פון זילב און וואָרט,
ווען עס קומט נישט צו דער צייַט,
נישט צום טאַקט
און נישט צום אָרט.

אַזאַ אומעט — ווי פאַר נאַכט צו —
קוקט אַרויס פון יעדן ליד
ווען אַ שורה אַ פאַרקלעמטע
מאַכט זי שוואַך
און בלייך, און מיד...

אַזאַ שמייכל — ווי פאַר טאָג צו —
שייַנט אַרויס פון אַ געזאַנג
ווען פאַרוואָרט'ט אים האָט זייַן מייַסטער
מיט זייַן פרומען גאַנג
און קלאַנג. —

# וואַרפסט די ווערטער דײַנע

וואַרפסט די ווערטער דײַנע אויפן ווינט
און זאָגסט
זיי וועלן — ווי די קעץ — זיך שטעלן אויף די פיס...
נאָר די ווערטער דײַנע —
אָן רוק-און-לענד —
קריכן אויף די גלײַכע ווענט,
מיט טויבן קלאַנג
און פֿאַלשן טראָפּ
זיי פֿאַלן איינציקווײַז אַראָפּ
און שטעלן זיך גאָר
אויפן קאָפּ...

# דאָס וואָרט

דאָס וואָרט —
ווער קען אַרײַנדרינגען אין זײַן תּוך?
באַנעמען ווער דעם ציטער
אויף זײַן וויִע?
ווער האָט די זכיה
אויסצומעסטן זײַן צײַט און רוים,
אַרײַנצודרינגען אין זײַן וואָר און טרוים,
דערפילן זײַן איינמאָליקייט,
דערזען זײַן פאַרב,
אַרויסהערן זײַן אָטעם,
אָנטאַפּן זײַן שאָטן? ...
— — —
דאָס וואָרט —
דאָס איינמאָליקע,
דאָס איינצאָליקע,
דאָס מי־שברכדיקע
און אל־מלא׳קע...

## ווער דו ביסט

רעדסט — און טראַפּנווײַז בלוט דו פֿאַרגיסט.
רעדסט — און די גאַל פֿון אַ לעבן פֿאַרזיסט. —

רייד, וועל איך זאָגן ווער דו ביסט...

שווײַגסט — און דײַן שווײַגן באַליידיקט, פֿאַרדריסט.
שווײַגסט — און אַ טײַכעלע רויִק זיך פֿליסט. —

שווײַג, וועל איך זאָגן ווער דו ביסט...

הערסט — נאָר פֿרעמד איז דײַן פּנים און וויסט.
הערסט — און מע זעט דו באַנעמסט און געניסט. —

הער, וועל איך זאָגן ווער דו ביסט...

לאַכסט — און מיט פֿײַלן פֿאַרסמטע דו שיסט.
לאַכסט — און ווי טײַערער בוימל זיך גיסט. —

לאַך, וועל איך זאָגן ווער דו ביסט...

## די פּרעגסט

די פּרעגסט,
וואָס לערנט אונדז דער טעלעפאָן?
ער וואָרנט און ער זאָגט אונדז אָן:
היט דאָס מויל פון פוסטע רייד,
פון נישט קיין פּאַסיק וואָרט! —
„ווייל וואָס מע רעדט אָט דאָ,
הערט מען דאָרט"...

די פּרעגסט,
וואָס לערנט אונדז דער טעלעגראַף?
ער לערנט און ער זאָגט אונדז לאַוו! —
כאָטש ער רעדט צו מאָל פאַרשטעלט. —
„איעדעס וואָרט, געדענק, קאָסט געלט"...

די פּרעגסט,
וואָס לערנט אונדז דער שנעלער צוג?
אין דיין אויפפירעכץ זײַ קלוג!
געדענק זײַן טיפן מיין וד"ל!
„מע קען פאַרשפּעטיקן א מאָל"...

## דער אָקס

ער קוקט אויף מיר מיט אויגן פון אַ תּם,
מיט אויגן גוטע, ווי דער ים
אין לויטערע פֿאַרטאָגן.
מיט נײַגער מײַן אויסזען ער באַטראַכט
און מיר דאַכט,
ער וויל מיר זאָגן:
עפּעס ליגט מיר אויף דער לונג,
נאָר איך האָב אַ שטומע צונג
און קאָן נישט ריידן...
ער גייט אַוועק,
איך גיי אים נאָך און פֿיל
אין תּוך
אַן ענלעכקייט
צווישן ביידן...

1948

## אַ גאַנצע נאַכט

אַ גאַנצע נאַכט איך ליג. איך קאָן נישט שלאָפֿן.
די אויגן צוגעמאַכט. דאָס האַרץ איז אָפֿן.

דערהערט זיך אַ גערויש, שפּיץ איך אָן די אויערן.
אין גערויש איך הער, עס ווערט אַ ליד געבוירן.

פֿלִיִען אום, ווי טויבן, וואָרקענדיקע ווערטער,
בײַטן זיך איעדע רגע מיט די ערטער.

ערשט געפֿלויגן דאָ אַ וואָרט, עס פֿליט שוין דאָרטן. —
ווי אַ טרעפֿערקע וואָס מישט אַ פּעשטל קאָרטן.

בילדן זיך די ווערטער אויס אין פֿראַזן
אין די ערשטע גאַנץ נאָך רויע פֿאַזן.

ווערטער, שורות, גראַמען, סטראָפֿן —
אַ געפּלאָנטער, ווען עס ווילט זיך נאָר מע קען נישט שלאָפֿן.

ביז פֿאַר טאָג. עס קלינגט דער זייגער פֿיר. —
ווו זשע איז דאָס ליד? עס איז אין מיר...

## תפילה צו מײַן ליד

גיב מיר, ליד מײַנע, דײַן האַנט,
לאָז נישט, ליד מײַנע, מיך פֿאַלן!
באַהעל — נאָר נישט צום לעצטן מאָל —
מײַן מערב-וואַנט מיט דײַנע שטראַלן.

ווען געווען ס׳איז מײַן וועג צו דיר פֿאַרשטיינט
און אומגעזוכט איך האָב צו מאָל אַ וועג אַ גלאַטן,
האָט זיבן מאָל מײַן האַרץ אין מיר געוויינט
ווען איין מאָל כ׳האָב דיך, ליד מײַנע, פֿאַרראַטן...

ווען איין מאָל כ׳האָב געפֿעלשט אין דײַן באַטײַט
און אויסגערעדט זיך האָב איך אַלץ צום גוטן,
אַ דערשלאָגענע ביסטו געשטאַנען אין אַ זײַט
און אָפּגעגאַנגען איז מײַן האַרץ אין זיבן בלוטן...

איך בעט פֿאַרגעבונג איצט פֿאַר אַלע מאָל,
פֿאַר יעדן אָפּנויג און פֿאַר יעדן וואַקל —
נאָך פֿרי אַראָפּצונידערן אין טונקעלן טאָל,
צי נישט אונטער נאָך דעם פֿינצטערן סך־הכּל...

# דו פרעגסט

דו פרעגסט ווי איך אַרבעט? — ביטער און שווער!
איך וויג זיך בײַם שרײַבטיש אַהין און אַהער.
איך מעק און שרײַב ווידער, שרײַב ווידער און מעק. —
ס'איז שווער צו געפינען אין פּלאָנטער אַן עק.

פּאַרפּלאָנטערט עס האַט זיך אַ וואָרט מיט אַ וואָרט,
פּרוּוו שטעל עס אַוועק אויפן ריכטיקן אָרט.
זוך איך אַ וואָרט וואָס גוט איז און מילד, —
געפין איך אַן אַנדערס, וואָס בייז איז און ווילד.

זוך איך אַ וואָרט מיט פאַרב און מיט טעם —
געפין איך אַן אַנדערס, מיט גאַל און מיט סם.
דריי איך זיך אום אינעם צימער און שווײַג,
מיר דאַכט זיך, אַט פאַל איך, מיר דאַכט זיך, איך שטײַג.

מיט פלײַס און עקשנות די לענדן געגורט,
מיט שווייסן און ווייען קומט אַן דער געבורט
ביז ערשטן געשריי פונעם ליד איך דערהער, —
דו פרעגסט ווי איך אַרבעט? — ביטער און שווער...

## S. O. S.

דער גראַם בײַט איבער צו מאָל
דעם זין פון אַ שורה.
איין וואָרט —
און די סטראָפע באַקומט
אַן אַנדערע צורה.
איין זאַץ מיט אַ צווייטן פאַרביטן,
שטעלט זיך דער אָנהייב אין מיטן
מיט אַן אַנדערן זין,
מיט אַנדערע זיטן.
פאַרהייב איך צו מאָל דעם פאָרהאַנג פון ליד,
קוק אין זײַן דרויסן
און זע —
נישט דאָס בין איך אויסן...

רוף איך צום וועלטגײַסט, דעם וועכטער, —
הער איך ער קײַכט פאַר געלעכטער.

שטיי איך און וואַרט אויף אַ נס. —
ראַטעוועט ! — שרײַ איך —
עס—אָ—עס !..

# פון וואַנען קומט

פון וואַנען קומט דער „עפּעס־וואָס״?
זײַן וואָג, זײַן רוים?

דאָס איז דער געמיט פונעם טרוים,
דער טרוים פון דער וואָר,
די וואָר פון דײַן דור
אות נאָך אות. — —

פאַר זיי הייב אויף דײַן כּוס.
פון זיי עס קומט דער „עפּעס־וואָס״...

# דער ווײַסער בלאַט פּאַפּיר

דער ווײַסער בלאַט פּאַפּיר, וואָס אויף מײַן טיש,
מאָנט בײַ מיר
איך זאָל אים שענקען לעבן.
האָב איך אים מײַן בינטל נערוון
און אַ גאַנץ שטיק האַרץ
אַוועקגעגעבן.

האָט ער אויפגעעפנט באַלד אַ מויל
און מיך גענומען שעלטן. —
איך האָב אים — שרײַט ער — אומגעבראַכט
פון ביידע וועלטן...

# לידער מײַנע

לידער מײַנע,
גייט אײַך,
צעשפּרייט אײַך
אויף דער גאָרער ערד!
פרייד און טרייסט ברענגט יעדערן
וואָס זוכט זיי און איז ווערט...

וווּהין איר זאָלט נישט קומען,
זײַט אָנגעלייגט, ווי בלומען,
אין יעדערנס געצעלט.

זאָל דער גוטער מלאך אײַך באַשיצן
פון ציניקערס געלעכטערלעך און וויצן...

ס'איז קעגן זיי נישטאָ קיין תרופה
אויף דער גאָרער וועלט — —

## צי וועלן מײַנע לידער

צי וועלן מײַנע לידער בלײַבן
ווי אין אַ שטײַג
פֿאַרשפּאַרטע?
צי וועלן זיי אַוועקפֿליִען ווײַט
און אויסהאַלטן די פּרוּוון האַרטע
פֿון דער צײַט?

נאָר אויב איין שורה כאָטש דערגיין וועט
ערגעץ וועמען —
צו וועמען —
זי זאָל מײַן לעבן נישט פֿאַרשעמען —
האָט דער גורל מיך אַוודאי
נישט פֿאַרזען.

# קינאת סופרים

כ'האָב היינט אַדורכגעלייענט
אַ ציקל לידער
פון מיין פריינד. —

איעדע סטראָפע, יעדע שורה
גוט
אָנגעגאָסן איז מיט הייסן בלוט.
איעדער וואָרט —
לעבעדיק און פריש —
צאַפּלט ווי אַ פיש.

און אַ גאַנצן טאָג
נישט צוגעזעצט זיך מער צום טיש...

# איך האָב אַזוי פיל נאָך

איך האָב אַזוי פיל נאָך צו זינגען און צו זאָגן,
איך האָב אַזוי פיל נאָך אײַך מעשׂיות צו דערציילן.
צי וועל איך אַלץ באַווײַזן צו דערזאָגן
ביז אײַנשלינגען עס וועלן מיך די אײביקע פיר אײלן!?..

אַז אומעטום איז דיכטונג און געזאַנג פאַראַנען,
אין יעדן שטויבעלע פאַרבאָרגן פרייד און זון איז,
דאָס ליכט אין די צעצוויטעטע קאַשטאַנען,
די שפיל פון ווינטלעך אויף פרילינגדיקע סטרונעס.

די סודות פונעם וואַלד מיט זײַנע שאָטנס,
ווי וועווערקעס עס שפּרינגען אום פאַרשײַטע.
די טיפעניש פון לעכער, ווי די קראָטן
גראָבן אוים פאַר זיך אַ וועג אויף וואַנדערונגען ווײַטע.

די פאַרב פון האָריזאָנטן אין באַגינען,
די זומער־פייגעלעך וואָס שפּילן זיך אין גראָזן,
דעם האָניק־ריח אין געזשום פון בינען,
דעם ציטער־לויף פון שרעק בײַ האָזן...

דער טײַך וואָס שפּילט זיך מיטן הימל,
די פאַרקערטע וועלט וואָס אין זײַן שפּיגל,
דאָס קינד וואָס שמייכלט אינעם דרימל
צום מלאכל, וואָס וואַכט בײַם וויגל.

יונגע הערצער אין זייער טרוים פון גלי און פלאַטער,
וואָס גרייט אַ כּאַפּ צו טאָן דאָס לעבן ביַי די הערנער...
מיַין יִדיש פאָלק אין פלאָנטער, מי און מאַטער,
מיט זיַין שווערן גורל אויפן וועג מיט דערנער...

איך האָב אַזוי פיל נאָך צו זינגען און צו זאָגן,
איך האָב אַזוי פיל נאָך איַיך מעשׂיות צו דערציילן —
צי וועל איך אַלץ באַוויַיזן צו דערזאָגן
ביז איַינשלינגען עס וועלן מיך די אייביקע פיר איילן!?..

# בלעמס אייזל

בלעמס אייזל —
ער האָט דערזען אַ מלאך פון גאָט
און דרײַ מאָל טויטע קלעפּ באַקומען
פונעם רשע. —
האָט דער מלאך באַשאָנקען דעם אייזל
מיט לשון
און אים געמאַכט אומשטערבלעך...

# לידער שטאַרבן אויך

לידער שטאַרבן אויך
ווען אַריבערשפּרינגען דעם אָפּגרונט פון „זיַין"
און פון „דויער",
זיי האָבן נישט קיין כּוח...

לידער שטאַרבן צווישן טאָג און נאַכט
געבוירענע מיט אַ מום —
אין דיכטערס טראַכט.

לייגן זיי זיך אויס אַ שורה
נאָך אַ שורה
און ברענגען זיך אַליין צו קבורה...

ליגן זיי טויט־לאַנג
פאַרשעמטע,
שטילע —
וואַרטן סע זאָל קומען זייער באַשעפער
בעטן זיי מחילה...

# אָפּט מאָל

אָפּט מאָל איז געננוג מיר
בלויז אַ רמז —
פונעם אמת...
מיר — דעם אַלטן נאַר, דעם קינד,
צווישן קינדער —
זאָג אַ מאָל אַ ליגן,
אַז ווערן זאָל מיר אויפן האַרצן
וואַרעמער
און לינדער — —

אַ ליגן מיט אַ טראָפּן פרייד
און מוט
איז הייליקער פון אַן „אמת"
מיט אַ טראָפּן בלוט...

# צו דער בין

פליסט אַרום אין צימער, זשומסט אַרום מײַן טיש
אַנשטאָט אַרומצופליִען און זשומען
בײַ די בלומען.

וואָס איז דיר דאָ אַזוינס געפעלן?
דער זאַפט פון מײַנע לידער?
זייערע טרעלן? —

דער ציטער,
דער אומעטיקער קלאַנג פון מײַנע שפּליטערס,
דעם האָניק דײַנעם וועלן מאַכן ביטער...

# מײַן מאַמע האָט געלאַכט

צו שלום־עליכמס געבוירן־טאָג

מײַן מאַמע איז בײַ פערציק יאָר געבליבן אַן אַלמנה,
אַ גאַנצן טאָג געהאָרעוועט און בײַ נאַכט געוויינט.
און איך — אַ יִינגל נאָך — האָב דעמאָלט נישט פאַרשטאַנען,
וואָס האָבן אירע טרערן אין די נעכט געמיינט.

ווײַל מיר איז גוט געווען, איך בין געווען אַ יתום
און גאַנצע טעג געשפּילט זיך אין קאַמער־קאַמער־הויז.
ארומגעלאָפן מיט דער חברה — אַ קאָמאַנדע — האָלע־באָסע —
מיט „ברכות" פון די שכנים: נישט אויסצוּוואַקסן גרויס...

נאָר איך צו ביסלעך וואַקס. כאָטש ווייניק וואָס פאַרשטאַנען,
האָט עפּעס אויף מײַן האַרץ געדריקט אַ שווערער גרויער שטיין,
ווײַל נישט געוווּסט האָב איך מיט וואָס פאַרלײַכטערן מײַן מאַמען
איר שווערע האָרעוואַניע, איר זיפצן און געוויין.

ס'איז ווינטער אויף דער נאַכט... מײַנע לעכערדיקע הויזן
האָט מײַן מאַמע אויסגעלאַטעט, פאַרצערעוועט, פאַרריכט.
אויף די ווענט און שויבן האָט דער פראָסט געכאַוועט רויזן.
נאָר נישט פאַרגרעסערט אינעם שטיבל אונדזערן דאָס ליכט.

איך בין געזעסן בײַ דער אויסגעהייצטער הרובע מיט אַ ביכל,
שלום־עליכמס „מעפּל" אויף אַ קול געלייענט.
מײַן מאַמעס קאָפּ געהילט האָט זיך אין שוואַרצן טיכל,
נאָר די אויגן אירע האָט אַ וווּנדערלעכע שײַן באַחנט.

„מיט אַ טעפּל איז צום רבֿ אַ ייִדענע געקומען
אַ שאלה פֿרעגן און גענומען רעדן, שיטן אָן אַ סוף,
געפּלאָכטן האָט די ייִדענע אַ מעשׂה אין אַ מעשׂה,
ביז געפֿאַלן אין חלשות איז דער אָפּגעשוואַכטער רבֿ״...

מײַן מאַמע האָט זיך אײַנגעהערט און יעדער וואָרט געשלונגען,
פֿון איר לאַכן האָט אַרומגעטאַנצט איר שאָטן אויף דער וואַנט.
מײַן מאַמע איז געוואָרן מונטערער און ייִנגער
און מיר אַ גלעט געגעבן מיט איר גוטער האַנט.

דער לאָמפּ האָט ליכטיקער זײַן קאַרגע שײַן געגאָסן,
צום פֿענצטער האָט געטוליעט זיך דער ווינטער־אויפֿדערנאַכט.
אָ, דעמאָלט איז באמת מיר גוט געווען — דעם יתום —
ווײַל פֿאַרגעסן האָט מײַן מאַמע זיך און צום ערשטן מאָל געלאַכט.

צום ערשטן מאָל אויך איז איר בעט געוואָרן ווייכער,
ווײַל אײַנגעשלאָפֿן איז זי שמייכלענדיקערהייט...
איך דאַנק דיר, גרויסער פֿרײַנד, איך דאַנק דיר, שלום־עליכם,
וואָס האָסט געגעבןביידע אונדז אַזוי פֿיל טרייסט און פֿרייד! ...

# גאָט פון אַברהם

גאָט פון אַברהם, פון יצחק און פון יעקב!
זײַ כּורת־ברית מיט מיר,
ווי כּורת־ברית געווען האָסט מיט די אָבות.
פֿאַריאָג פון מײַן פענצטער די סאָוועס,
איך זאָל דערהערן דײַן קול־דממה־דקה!...

גאָט פון ישעיהו, פון עמוס און פון יונה!
מאַך מילדער מײַן הארץ מיט אומרו,
ווי געמילדערט האָסט זייערע הערצער מיט צאָרן.
שענק מיר דעם מינדסטן דאָרן
פון זייערע נביאישע קרוינען...

גאָט פון רב יהודה הלוי, אלחריזי און היינע!
לײַטער אויס מײַן אויג מיט זייער וויי.
לאָז רוען אויף מיר מיט חנינה
איין איינציקן שטראַל פון דער שכינה
וואָס געלאָזט רוען אויף זיי...

גאָט פון ביאַליק, פון לייוויק און פון מאַנגער!
מײַן קאָפּ מאַך ניכטער,
מײַן אויער — געניט.
זאָלן די פידלען פון די געזאַלבטע דיכטערס
שפּילן אין מײַן געמיט!...

# ג ע ב ע ט

רויב נישט אַוועק פון מיר די גאָב
פון זײַן פאַרוווּנדערט.
איך זאָל פון שטאַמלער און פון סנאָב
זײַן אָפּגעזונדערט.
באַנעמען זאָל מײַן האַרץ דעם זין און האָב
פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט...

# אויף דער גוטער וואָך

אויף דער גוטער וואָך, אויף דער פולער וואָך —
זאָג, וואָס ווילסטו מער,
זאָג, וואָס דאַרפסטו נאָך?

ווײַל געניג וועט זײַן דײַנס אַ וואָרט,
אַ זאָג
און באַקומען וועסט אויך די שײַן פון טאָג;

וואָס דײַן אויג נאָר גלוסט,
וואָס דײַן האַרץ באַגערט,
אַלע זיבן הימלען מיט דער גאַנצער ערד.

פונעם ווינט — דעם פלי,
פונעם פראָסט — דעם ברי,
פונעם בוים — דעם וווּקס,
פון דער בלום — איר בלי.

פונעם ים — די טיף,
פון דער זון — די קרוין.
זאָג אַן איינציק וואָרט און באַקומסט זיי שוין...

אויב אָבער דו ווילסט בלויז אַ ביסל רו, —
האָב געדולד, מײַן פרײַנד,
וואַרט אַ ביסל צו.
— — —
וואַרטןביידע מיר, וואַרטן צײַט נאָך צײַט.
ס'איז דאָס ביסל רו
אַ מהלך ווײַט...

## לאָז מיר זײַן

לאָז מיר זײַן, מײַן גאָט, אַזוי ווי איך בין,
ווי איך קען,
ווי איך דענק,
נישט אָנקומען מוזן צו קיינעמס נישט הילף
און געשענק.

עס זאָל מיך נישט לאָקן
יענעמס אַ וואָרט,
אַ געדאַנק
און אַ זאָג, —
מעג זײַן קלוג ווי דער טאָג.

נישט שעמען איך זאָל זיך מיט מײַנעם
אַ פעלער,
נישט פאַרבײַטן מײַן קעלער —
ביודעים צי בלא יודעים —
אויף אַ פרעמדן בוידעם...

## מיר ווערן צוגעוווינט

מיר ווערן צוגעוווינט צו מענטשן
און צו זאַכן,
מיר ווערן צוגעוווינט צום וויינען
און צום לאַכן,
צום גוטן און צום שלעכטן —
ווען עס ווערט דער היַינט
אַ נעכטן.
ווען דער מאָרגן בייַט זייַן הויט.

נישט צוגעוווינט מיר ווערן נאָר צום טויט.
ער בלייַבט פאַר אונדז אַ סוד,
ווי דו,
ווי לעבן
און ווי גאָט...

# גלייַך עס האָט אַ בייזע פליג

גלייַך עס האָט אַ בייזע פליג
דיך צעביסן,
וואָס גאַנצע טעג דו גייסט אַרום פאַרשלאָפן.
זעסט נישט ווי די טויערן פונעם הימל
זענען אָפן,
און אַלע דייַנע ווונטשן בלאָנדזשען אום
אין די פאַרנעפּלטע אין־סופן...
בלאָנדזשען אום צעבראָכן
און פאַרלוירן, מיד זיי וואַרטן בייַ דער הינטערטיר
פון דייַנע אויסגעהוילטע גוטע־פולע־וואָכן...

## וואָס קריגט איר זיך, קינדער?

וואָס קריגט איר זיך, קינדער?
מע דאַרף זיך נישט קריגן!
דאָס לעבן — אַ לייטער
מיט טויזנטער שטיגן

און מיר אויף איר שטײַגן
אַלץ העכער און ווײַטער,
אַהין וווּ דער הימל
זיך ברייטערט און לײַטערט.

אַלץ ווײַטער און העכער
אָן קידער־און־ווידער —
נאָר דער וואָס עס קריגט זיך
פֿאַלט טיף אין דער נידער.

פֿאַלט טיף אין תּהום
פֿון מ״ט שערי טומאה.
עס ווערט אונדז די לײַבלעכע מאַמע
אַ מומע.

עס ווערט אונדז אַ פֿעטער
דער לײַבלעכער טאַטע,
אומהיימלעך עס ווערט אונדז
די היימלעכע כאַטע.

דאָס טראָפּנדל פרייד
ווערט פאַרטונקלט, פאַרלאָשן.
פאַרשטומט ווערט ביים גוטינקן מלאך
דער לשון.

די ליבע ווערט שינאה,
דער אמת — אַ ליגן...
וואָס קריגט איר זיך, קינדער?
מע דאַרף זיך נישט קריגן!...

## ווען ס׳גייט אַוועק דער טאָג

ווען ס׳גייט אַוועק דער טאָג,
קומט צו גיין די נאַכט,
שטעלט זיך בײַ דײַן בעט אַנידער,
גלעט דיך שטיל און וואַכט.

קוקט אַרײַן דיר טיף אין די צוגעמאַכטע אויגן,
פֿאַרוויגט מיט מעשׂהלעך פֿון נישט־געשטויגן
און פֿלעכט אויס פֿון די חלומות דײַנע
אַ רעגן־בויגן
פֿאַר טעג מיט פֿאַרוואָלקנטע הימלען...

# איר קלײנע יסורים

איר, קלײנע יסורים, עגמת־נפשן
און באַלײדיקונגען —
זיך אױסגעדאַכט האָט איר װי אַ שװערער יאָך —
אין יאָרן פון רו
און פון שלום.

עס בענקט דאָס האַרץ נאָך אײַך —
װי נאָך אַ גוטן חלום —
אין שעהען פון אומגליק,
אין רגעם פון בראָך...

# ווייש אויס דעם הימלס פֿאַרווייַנטע אויגן

ווייש אויס דעם הימלס פֿאַרוויינטע אויגן
און זאָג אים פֿון טרייסט אַ וואָרט.
דעם וואָלקנדל, וואָס איז אַנגעפֿלויגן,
גיב ערגעץ אַן אָפּרוואָרט...

טו אָן דעם דרויסן אַ נייַעם מאַנטל,
אַ בלויען מיט זילבערנע קנעפּ.
דעם ווייַסן בעריאָזקעלע בייַם האָריזאָנט
פֿאַרפֿלעכט די זייַדענע צעפּ...

נעם אָן בייַ דער האַנט דעם אָוונט
און פֿיר אים צום ליכטיקן קוואַל,
דעם זונהעזעלע, וואָס שפּרינגט אין דער נאָענט,
זוך אויס און גיב אים אַ שטראַל.

דאָס ווינטעלע, וואָס לויפֿט אום באָרוועס,
נעם אויף דייַן אַקסל און טראָג.
און פֿון אַלע פּוסטע חורבות
דאָס געשריי פֿון די סאָוועס פֿאַריאָג!...

1964

# אַן אייביק קינד

כ׳וואָלט ווידער וועלן זען די וועלט
מיט די אויגן פון אַ קינד.
אַ פערד אַ גרינס זאָל זײַן דאָס פעלד,
דער רײַטער אויף אים —
דער ווינט.

אינעם טײַכל, וואָס אונטן אין טאָל,
זאָל אַ פאַרכּישופטער פּאַלאַץ זײַן.
דאָס וואַסער פון ריינעם קרישטאָל
זאָל שמעקן
מיט ראָזשינקע־ווײַן.

דער וואַלד זאָל זײַן גרינעם סוד
אַנטפּלעקן פאַר מיר, און זײַן מיין, —
וואָס ריידן די ביימער מיט גאָט,
ווען דער הימל איז הויך
און ריין?

דער באַרג זאָל זײַן אַ פעסטונג,
גלײַך פון אַ מעשׂה אַרויס.
סע זאָלן די בושלען זיך נעסטן
אויפן דאַך
פון אונדזער הויז.

דער טאַטע זאָל זײַן אַ גרויסער,
די מאַמע — גוט און לינד.
אייביק זאָל בלויען דער דרויסן
און איך —
אַן אייביק קינד...

1967

## גיי איך מיר אין גאָרטן

גיי איך מיר אין גאָרטן,
באַגעגנט מיך אַ גרינער בוים.
זע איך, אויף די צווייַגן זייַנע
וויגט זיך, וויגט מייַן טרוים.

קומען פייגעלעך צו פליִען,
די הערצעלעך צו קוויקן.
דערזעען זיי: ס׳הענגט אַ טרוים,
נעמען זיי אים פּיקן.

פּיקן זיי אים אויס דאָס האַרץ,
ווי קערנער פון די זאַנגען.
טראָגן זיך אין גאָרטן אום
תּפילות און געזאַנגען.

פיל איך, ווי פאַרשווונדן ווערן
פון דער וועלט די צוימען.
נעם איך אויפן בוים צעהענגען
אַלע מייַנע טרוימען.

1966

# ווײַסער ווונדער

אויף דער אָזערע זיבן שוואַנען
ווײַסע. —
ערשט זיך אויסגעשטאַלטיקט
פון אַ ווינטער־מעשׂה.

שיפֿן זײ זיך שלאַנקע, מיט די קעפּ
פֿאַרהויבן.
שפּיגלט זיך אין אָזערע העלע פרייד
פון אויבן.

דער טשערעט בײַם ברעג אין צאַרטן גרין
זיך מיניעט.
ער האָט זיך מיט שוואַנענליכט
פֿאַרכלינעט.

און די ווערבעס פלאַטערן, זיך קוקן צו
און שטוינען,
פֿאַר דעם ווײַסן ווונדער בייגן אָן
די קרוינען.

שטיי איך אַ צעטומלטער, אײַנגעהילט
אין גאַפּן:
ווער האָט אײַך געפורעמט?
ווער האָט אײַך באַשאַפן?

אויף דער אָזערע זיבן שוואַנען
ווײַסע, —
ערשט זיך אויסגעשטאַלטיקט
פון אַ ווינטער־מעשׂה.

1966

# דו הערסט?

דו הערסט? —
דאָס האַרץ פון דער וועלט קלאַפּט
האַסטיק און שווער!

דו זעסט? —
פון הימל זיך קײַקלט אַראָפּ
אַ הייסע טרער!

דו פילסט? —
עס טראָגט אונדז אַ בשׂורה פון ערגעץ
דער ווינט!

דו גלייבסט? —
צום גוטן סע זענען די צייכנס.
אַוודאי צום גוטן, מײַן קינד!..

## איך פלעג דיך טראָגן

באַריאַן — מיט ליבשאַפט

איך פלעג דיך טראָגן אויף דער פלייצע און שרײַען:
אַ זעקעלע מעל!
דאָס שנייוויַיסע ציגעלע — דײַן גורל —
האָט געהויערט בײַ דײַן שוועל.

ביסט אויסגעוואַקסן און געוואָרן
וואָס איך האָב געטרוימט און געוואָלט.
כאָטש איך טראָג דיך נישט מער אויף מײַן פלייצע,
שרײַ איך: אַ זעקעלע גאָלד!

איצט ביסטו אַ מאַן און אַ טאַטע
און אויף וואָר איז געכּפּלט דער טרוים.
זאָלן דײַנע קינדער — די גאָלדענע עפּעלעך —
נישט פאַלן ווײַט פונעם בוים...

1965

# וואָס רעדט דער ווינט מיטן ווייַנשלבוים

וואָס רעדט דער ווינט מיטן ווייַנשלבוים?
הער ווי זיי לאַכן ביידע.
פאַר וואָס זשע איז דייַן פּנימל פאַרוואָלקנט אַזוי,
גלייַך איך פיר דיך צו דער עקידה? !...

— זעסט?
די שטערנדלעך קוקן ווי דו ווייַנסט
און לאַכן,
גאָלדענע מלאָכימלעך פליִען
הימל אויס
הימל איַין
און וואַכן.
די גוטע־נאַכט, ווי אַ מאַמע, געטרייַ
און הייליק
וועט פאַרוויגן דייַן געוויין
מיט אַ ליד פון לייוויק...

## דער טאָג איז שוין מיד...

דער טאָג איז שוין מיד
און רופט דעם פאַרנאַכט,
ער זאָל אים פאַרבײַטן.
גייען די טעג,
און עס גייען די נעכט,
און עס גייען די צײַטן.

דו קוקסט זיך אַרום —
ס׳איז דאָס לעבן פאַרבײַ,
נאָר ביסט נישט צעבראָכן.
אַז וווּיל איז דײַן האַרץ,
וואָס סע פילט און סע ווייסט
פון קאַמף און נצחון...

עס טונקלט דער ים,
נאָר דער לײַכטטורעם ברענט
און מע זעט שוין דעם האַפן...
אַז וווּיל איז דײַן האַרץ,
ווײַל עס איז אים באַוווּסט,
אַז לעבן איז — שאַפן.

1965

# פ אַ ר נ אַ כ ט

צעבליט האָט זיך אויבן
דער רויטער מאָן.
די לבנה אין טײַכל —
אויפן ווינט אַ פאָן.

סע שלאָפט שוין דער טאָל,
נאָר דער באַרג איז וואך.
פון ערגעץ דערטראָגט זיך
דער אָטעם פון נאַכט.

די ווערבעס בײַם טײַכל —
טעט—אַ—טעט.
אויף שטום-לשון
האָט מײַן האַרץ גערעדט.

צי האָסטו פאַרשטאַנען?
מסתמא יאָ.
איז ווו זשע ביסטו?
דו ביסט נישטאָ!...

האָט זיך דאָס אַלץ
מיר אויסגעדאַכט? —
מיט מידע טריט
שפּאַנט דער פאַרנאַכט.

ער בייגט אַראָפּ ווי אַן אָבל
זײַן קאָפּ,
ער זעט ווי די וועלט
איז פון זינען אַראָפּ.

און דאָס לעבן זיך ראַנגלט
אָן ציל און אָן זין,
צווישן מידת־הרחמים,
און מידת־הדין...

1966

# לבנה־נעכט

די נאַכט אויפֿן דרויסנס אַקסלען,
די לבנה אויף זײַן קאָפּ.
די שטערן אין הימל וואַקסן
ווי אין אַ בלומענטאָפּ.

די הײַזער נעמען זיך ציִען
און טאַנצן אין אַ ראָד.
די קוימענעס אַלע פּליִען
אַרויף צו גאָט.

די נאַכט גייט אַרום אויף די גאַסן,
קוקט און שמייכלט צו מיר.
די נאַכט איז שטיל און געלאַסן,
לאָז איך זיך גיין מיט איר.

מיר גייען אַרײַן אין גאָרטן,
אין גאָרטן איז טונקל און שפּעט.
די נאַכט נעמט מיר וואַרפֿן קאָרטן,
איך — אירע לאָקן גלעט.

זי שווײַגט און טוט זיך ניט ווערן,
איך קוש איר שיינעם קאָפּ
און שענק איר אַוועק די שטערן,
וואָס פֿאַלן אויף אונדז אַראָפּ.

פֿליט פֿאַרבײַ אַ סאָווע
און פֿאַרטרײַבט די לבנה פֿון בוים, —
איך גיי אַרום פֿאַרקאָוועט
אין די זילבערנע קייטן פֿון טרוים...

1967

# אין אַ זומערדיקער נאַכט

אין דרויסן איז נאַכט,
נאָר אין האַרצן איז ליכט.
די פינצטערניש גלעט מיר
מיט זײַד דאָס געזיכט.
אַ שטערן אין ווײַטנס
טוט אַ בליץ
און לאָזט אויפן הימל
אַ גאָלדענעם קריץ...

דער גאָלדענער קריץ
שײַנט אַ ווײַל און פאַרגייט
און שענקט מיר זײַן שײַן —
אַ טראָפּנדל פרייד.
איך קלײַב די טראָפּנדלעך
פרייד און שײַן
און לייג זיי
אין גאָלדענעם בעכער אַרײַן.

ווערט מײַן בעכער
פול ביז אַרויף,
אין חלום די קינדערלעך אַלע
איך רוף
און טייל זיי אײַן
די שטראַלעכלעך פרייד,
די טראָפּנדלעך שײַן.

וואַקסן די קינדערלעך
הויך און שיין
און זענען ווי אַ נײַע
לבנה ריין.
און בענטשן דאָס לעבן,
די פרייד און דאָס ליכט,
וואָס צאַפּלט, ווי פּלאַטערלעך,
אויף יעדנס געזיכט.

1964

## קיין מינדסטער רויש

קיין מינדסטער רויש, קיין מינדסטער הילך —
פונעם הימל גיסט זיך מילך.
נעמסטו, טרינקסט די מילך אויס,
צעבליסטו זיך — אַ ווײַסע רויז,
און די שטערן — טראָפּנס טוי —
פֿאַרבן דײַנע האָר אויף בלוי
און אַנטפּלעקן דיר דעם סוד
פֿון תּפֿארת שבּהוד.

נעמסטו אָן מיך בײַ דער האַנט
און פֿירסט מיך צו דײַן צויבערלאַנד.

# שטערנדלעך אין הימל

שטערנדלעך אין הימל,
אין דער הייך פֿאַרפֿלויגן.
מיר פֿאַר אײַערע בלויע
קינדערישע אויגן...

אײַנגעפּאַסט ווער האָט אײַך
אין די העכסטע טיפֿן?
אײַך ווי איידלשטיינער
ווער האָט אויסגעשליפֿן?

שטערנדלעך אין הימל.
ליכט פֿון אַלף־בית׳ן.
כ׳וואָלט אײַך צוגעטוליעט
צו מײַן האַרץ דעם הייסן...

האָט איר זיך פֿאַרקליבן
אין די טיפֿסטע הייכן,
קענען מײַנע בליקן
קוים צו אײַך דערגרייכן...

שטערנדלעך אין הימל,
זויבער־ריין און ציכטיק,
ווען די נאַכט פֿאַרהילט מיך,
מאַכט איר זי מיר ליכטיק...

טײַערע קונדסים,
ווי איך האָב אײַך גערן! —
וואַקסן זאָלט איר גרויסע
און זאָלט זונען ווערן!...

1960

# שלאָף אײַן, ביסט מיד

די טרערן רינען, רינען,
און לײַכטער ווערט און מילדער.
ווי באַזיגטע פֿײַנטלעכע חיילות —
די אויפגעוואַכטע בילדער —
טרעטן אָפּ,
אַנטרינען.

שלאָף אײַן! ביסט מיד.
בײַ דײַן צוקאָפּנס מיר וועלן וואַכן.
איך,
דער זונפאַרגאַנג,
און דאָס ליד.
די וואָלקנס און די געשפּענסטער
פאַרטרײַבן פון דײַן פענצטער.
נישט פאַרלירן וועט די נאַכט קיין שטערן
און דײַן שלאָף נישט שטערן.

מיר וועלן אַלע אויף די שפּיץ פינגער גיין —
און אויפגערודערטע פון דײַן געוויין, —
שמייכלען צו דיר אין חלום...

# ביז ס'הייבט אָן טאָגן...

דעם דיכטער לייב אַליצקי

ס'האָט די נאַכט די רביצין
זיך אויסגעקליידט אין סאַמעט.
ס'איז דער מולד קוואַר־און־דאַר —
אַ דרדקער מלמד.

נעמט ער באַלד צונויף די שטערן,
אַלף־בית זיי ווײַזן.
זענען שטערנדלעך נאָך קליינע,
זאָגן זיי מיט גרײַזן.

ווערט ער בייז און פּאָנפּעט אונטער:
— אַז איר ווילט נישט הערן,
וועל איך באַלד אײַך, איינציקווײַז,
וואַרפן פאַר די בערן! —

ווינקט צו אים די רביצין:
— מוטשע נישט די שנעקן,
רק דו טוסט זיי מוסרן
און רק דו טוסט זיי שרעקן.

ס'איז דאָך באַלד ראָש־חודש שוין,
גלײַכער זאָלסט זיי פירן
צו די ווײַסע מילעכוועגן
און מיט זיי שפּאַצירן. —

שרײַט ער אָן אויף איר, „דער הויקער":
— זאָגסט מיר אויך אַ דעה!
סע גייען אָן מיך דײַנע רייד
אין דער לינקער פּאה!...

לערנען שטערנדלעך אָן חשק,
חזרן דעם לימוד,
ווערן זייערע אייגעלעך
אָנגעפולט מיט אומעט.

קוקט אַראָפּ אַ שטערנדל
צו דער ערד אַרונטער,
ווערט ער מלא־חימה באַלד
און זײַן פּנים צונטער.

שרײַט ער: — זאָג נאָר, דו, האָווריליע,
קוקסט גאָר צו די פייגל! —
שטאַמלט שטום דאָס שטערנדל,
פינטלט מיט אַן אייגל.

צינדט זיך אָן אין אים דער גזלן —
איין מאָל שוין אַ כעסן —
און ער כאַפּט אַראָפּ דעם קאַנטשיק
און ער נעמט אים שמײַסן...

ציטערן די שטערנדלעך
פֿאַרן בייזן רבין,
ווערט דאָס לעבן איינעם נימאס,
נעמט ער זיך דאָס לעבן.

וואַרפט ער זיך אַראָפּ פון הימל
אין תּהום אין שוואַרצן...
זעען דאָס די שטערנדלעך,
כאַפּט זיי אָן בייִם האַרצן.

שטראָצן זיי די אייגעלעך
און זיי וויינען ביטער,
הערן זיי ווי כּלבים וויען,
כאַפּט זיי אָן אַ ציטער...

ווו זשע ביסטו, זויבערל,
אייגעלעך אין פלאַמען...
אומגעקומען זויבערל,
וויי און ווינד דער מאַמען!

יאָמערט שטיל די נאַכט און טוט זיך
קאָפּ אין הימל שלאָגן
און זי בלייַבט פאַרחלשט ליגן,
ביז ס'הייבט אָן צו טאָגן...

1954

# זיך אויסגעבלויט

זיך אויסגעבלויט עס האָבן אַלע זיבן הימלען,
דאָס פענצטער אין מײַן האַרץ
האָט זיך אויפגעפּראַלט.
אויף די בענק אין סקווער זיצן אַלטע לײַט
און דרימלען,
לעבן זיי
ווער איך מיד און אַלט...

דערנעבן
היפּן אום און וואָרקען טויבן.
קינדער שפּילן זיך, באָדן זיך אין ליכט.
באַשפּריצן מיך מיט טראָפּנס פרייד
און צויבער —
ווער איך מונטער, יונג
און אויפגעריכט...

# פֿאַר טאָג

אַלץ העלער בלויט דער פֿרימאָרגנדיקער הימל,
די שטערן לעשן זיך איינציקווײַז אויס,
מע זעט שוין די טראָפּנדלעך טוי אויפֿן גראָז,
די סאָסנע־שישקעס קוקן פֿונעם מאָך אַרויס.

אויף דער פּאָליאַנע פֿאַלט דער שאָטן
פֿון דיביימער,
דאָס ווינטל, אַ פֿאַרשלאָפֿנס,
קערט זיך אום אַהיים.

אַ האָזל רייניקט זיך די ציין
מיט אַ הייפּטל קרויט.
סע גלעט אים איבערן רוקן
דער מאָרגנרויט.

בײַם האָריזאָנט עס טוליעט זיך
דער הימל צו דער ערד.
עס פֿאַשעט זיך בײַם וועלדל
אַ לערכע אויף אַ פֿערד.

פֿון אַ נעסט עס הערט זיך שוין
אַ שטיל געזאַנג.
ערגעץ ריידן זיך שוין איבער
זאַנג מיט זאַנג.

אײַנגעהילט אין אָנהייב טאָג, קוק איך צו
און שטוין.
דער פֿרימאָרגן טוט מיר אָן אויף מײַן קאָפּ
זײַן קרוין...

1969

## אין שפּיטאָל

עס טרעפט,
ווען דער טויט טוט אַ קראַנקן אַ פרײַנדלעכן גלעט,
ווערט לײדיק פאַר נאַכט אַ בעט,
לײגט צונויף דער זײגער אין אַ תּפילה
זײַנע הענט
און עס דראַפּעז זיך די שאָטנס
אויף די גלײַכע ווענט.

די שעהען ווערן אויסגעצויגן, לענגער
און אויף דעם הענגער
קרעכצט — אַ גאַנצע נאַכט —
אַ פאַרבלוטיקטער כאַלאַט...

נאָר פאַר טאָג
אָטעמט שטיל דער דרויסן
אויף די שויבן —
און עס ווערט דאָס לעבן
דורכן טויט דערהויבן...

1972

# מײַן סוד

דו זאָגסט, איך װער אַלץ עלטער,
מײַן שטערן מיט קאַרבן זיך פֿאַרמערט. —
דער מענטש איז דאָך נישט קײן װײַן אין קעלטער,
אַז װאָס אַ יאָר, אַלץ שטאַרקער ער װערט.

דער מענטש איז אַװדאי שטאַרקער פֿון אײַזן —
כאָטש שװאַכער אָפֿט פֿון דער מינדסטער פֿליג. —
צי װעט מיר דאָס לעבן נאָך װידער באַװײַזן
אַ צײכן פֿון פֿרײד, אַ סימן פֿון גליק?

איך האָב נישט קײן טענות צום לעבן. חלילה! —
אַן עלטערער מענטש טוט אַ װאָרטשע אַ מאָל. —
אַן עלטערער מענטש, װען ער האַלט שױן בײַ נעילה
און פֿורכט זיך צו שטײן בײַ דעם ראַנד פֿון אַ טאָל...

נאָר בײג זיך צו צו מיר גאַנץ נאָענט,
אײַנרױמען װעל איך דיר מײַן סוד: —
געעלטערט איך װער װען ס׳שאָטנט דער אָװנט,
דער טאָג — שלעפּט אַרײַן אין זײַן ליכטיקן ראָד.

# סוף זומער

דער הימל איז בלוי און אין האַרצן איז בלוי,
באַזילבערט סע זענען די בלומען פון טוי
און גאָלד איז צעשיט איבער סטערטעס שטרוי.

דער זומער האַלט שוין בײַם סוף פון זײַן גאַנג.
פון ערגעץ דערטראָגט זיך אַ מאָדנער קלאַנג,
גלײַך אַ קאָסע זיך אָנגערירט וואָלט אין אַ זאַנג.

דער באַרג איז שוין געל, נאָר דער טאָל איז נאָך גרין,
און סע קומען צו רײַטן אין אָנהייב באַגין
כמאַרעלעך ראָזעווע איידל און דין.

נאָר ווען דער מולד טרינקט אויס דעם דריטן כּוס
און קלײַבט זיך צו גיין מיט דער נאַכט צו חצות —
גייט שטיל — אין די זאָקן — דער האַרבסט איבער גראָז...

## נאַכט אין וואַלד

נאַכט אין וואַלד. די ביימער שלאָפֿן שטייענדיקערהייט.
סע שלאָפֿט אויך „פּאַן“, און אָפּגעריסן זיך די שרעק האָט
פֿון דער קייט...

אַ יונגע סאַרנע גנבעט זיך מיט שטילע טריט.
זי שטעלט זיך אָפּ,
שפּיצט שאַרפֿער אָן די אויערן.
הייבט העכער אויף דעם קאָפּ.

אַ טראָט און נאָך אַ טראָט. זי בלײַבט אַ רגע שטיין,
זי זאָל באַוויַיזן נאָר זיך דורכשלאָגן, כאָטש ביז אָט יענעם שטיין.

פֿון אים איז ביז צום טײַכל אַ דרײַ־פיר גוטע שפּרונג.
(פֿון דאָרשט איז, ווי אַ קאָרע, טרוקן איר די צונג).

נאָר די סכּנה לויערט דאָ פֿון הינטער יעדן בוים.
די אויערן כאַפּן אויף אַ שאָרך קוים־קוים.

אַ שפּרונג און נאָך אַ שפּרונג. אָט איז שוין באַלד דער שטיין.
נאָר אײַנגעביסן האָבן זיך אין רוקן שאַרפֿע ציין.

געראַנגל און געוווי און אַ דערשטיקטער בלעק,
צעפֿלויגן זענען זיך די פֿלעדערמײַז אין שרעק.

אויפֿגעכאַפּט זיך האָבן די ביימער פֿונעם שלאָף.
זיך אויפֿגעכאַפּט האָט „פּאַן“ און צוגעזען דעם סוף — — —

# דער וואַלד — אײַנגעדעקט אין ווײַסן

דער וואַלד — אײַנגעדעקט אין ווײַסן —
איז שוין אײַנגעשלאָפן.
אין חלום זעט ער די האָזן שפּרינגען,
אין חלום הערט ער די פייגל זינגען,
אין חלום פילט ער ווי דײַנע הענט
אים גלעטן,
ווי אויף די ביימערקרוינען נעסטן זיך
קאָמעטן, —
און ער שמייכלט צו אונדז אַלע
אין שלאָף...

## אונדזער ליבע און בענקשאַפט

אונדזער ליבע און בענקשאַפט צום וואַלד
שטאַמט פון דעמאָלט נאָך אַוודאי,
ווען געווען ער איז
אונדזער איינציקע היים,
אונדזער זיכערער שוים. — —
דעריבער קרעכצט אַזוי דער וואַלד
ווען מיר האַקן אים אוים...

# דער קראַנקער בושל

נאָך עוואַלד כריסטיאַן פאָן קלייסט 1715—1759

דער אָוונט האָט פאַרלאָשן שוין פון זון די לעצטע שטראַלן.
דער באַרג זעט אויס, גלײַך ער דערוווּנטערט זיך.
די וואָלקנס שווימען אָפּ, דער הימל לײַטערט זיך
און בלעטער פליִען אום און פאַלן.

בײַם טונקעלן טײַך אַ מחנה בושלען שטייען.
אָט שווײַגן זיי אַ ווײַלע, גלײַך ווילן זיך באַראָטן שטיל,
אָט שרײַען זיי, ווען עמעצער פאַרראָטן וויל, —
דער האַרבסטווינט טראָגט אַוועק אין ווײַטן די געשרייען.

אָן אָפּגעזונדערטער שטייט בײַם ברעג אַ קראַנקער בושל.
באַטריבט און שטום ער שטייט און הערט זיך אײַן.
די וווּנד בײַם פליגל שמאַרצט. ער קרעכצט אין זיך אַרײַן, —
אָט שטייט אַ פראָש און זעט אויס אין דער טונקל ווי אַ מושל.

ס'איז ווידער שטיל אין מחנה. זיי ווילן אים דאָ לאָזן.
אָ, גאָט! ס'האָט אים דער אומגליק הײַנט געטראָפן שווער.
זיי מוזן באַלד זיך אויפהייבן. נישטאָ קיין האָפן מער.
ס'וועט הײַנט בײַ נאַכט דער צפון-ווינט דאָ בלאָזן.

אָט הייבן זיי זיך אויף, שטעלן זיך אין גלײַכע רייען,
מאַכן אַרום אים די לעצטע קרײַזן שוין.
די פליגל קלאַפן שטאַרק. זיי רײַזן, אָ, זיי רײַזן שוין!
ער שטייט און הערט זיך אײַן אין די געשרייען...

שוין שטיל. זיי זענען איצט אַריבער דעם בעריאָזע-וואַלד געפלויגן.
מיט שרעק ער קוקט זיך אינעם קראַנקן אבר אײַן.
ער ווייסט, עס וועט דער טונקלער טײַך זײַן קבר זײַן —
און טרערן פאַלן פון די קײַלעכדיקע אויגן...

# די בושלען פליִען שוין אַוועק

די בושלען פליִען שוין אַוועק
און דער שפּיץ פון באַרג, וואָס פלאַקערט
אינעם זונפאַרגאַנג,
הערט זיך איַין מיט ערפאָרכט
צו זייער לעצט געזאַנג,
ביז פאַרשווונדן אין דער וויַיט עס ווערן
די בושלען און די טענער.
ווערט ער איַינגעשרומפּענער, דער באַרג,
און קלענער,
קלענער...

# די טיפע הייל

די טיפע הייל קוקט אַרויף צום הויכן באַרג
מיט קינאה:
ווי גוט און ווי טשיקאַווע איז בײַ דיר דאָרט אויבן!
דו שפּילסט זיך מיט די ראָזע וואָלקנדלעך
די דינע,
און אויף די אַקסלען דײַנע פּאָרן זיך און וואָרקען טויבן.

בײַ מיר איז אייביק נאַכט. דאָס ברעקל בלוי
פון הימל
ברענגט גרויסע בענקשאַפט מיר. איך וואָלט אַוועקגעפלויגן.
איך בין אַ היים פאַר בלינדע סאָוועס.
ס'האָט דער שימל
אין די צעלן מײַנע טיף זיך אַרײַנגעזויגן.

דו פלוידערסט מיטן ווינט, וואָס טראָגט דיר
נײַעס אונטער
פון פעלדער, וועלדער און פון טויזנט וועגן.
ביסט שטענדיק אַזוי שײַנענדיק
און מונטער,
ווי נאָך אַ פרישן פרילינגדיקן רעגן.

צי איז אַ וואַסער דאָ ניט ווײַט? איך הער עס
רוישן.
צי זענען נאָך פאַראַן אַחוץ מיר ערגעץ היילן? —
דו ביסט באַקאַנט און אויסגעבונדן מיט דעם גאַנצן
דרויסן —
צי וואָלסטו ניט געקענט מיר עפּעס וועגן אים דערציילן?

# וווּהין איז אַהינגעקומען דער ווינט

וווּהין איז אַהינגעקומען דער ווינט?
מיט פאַרוווּנדעטע פליגל ליגט ער
און קלערט:
געפלויגן,
גערעשט,
וועלטן געקערט...

אייביק זענען נאָר הימל און ערד!...

איצט ליגט ער בײַם טויער פון „נישט זײַן“, —
אַן אײַנגעהילטער אין בלייכער שײַן
פון די פאַלנדיקע שטערן...

## מיִד פון וואָגלען

מיד פון וואָגלען,
איז די כמאַרע אויפן הימל אײַנגעשלאָפן.
נאָר דער ווינט
האָט אייפערדיק־פאַרביסן
דאָס קלייד אויף איר צעריסן,
אויפן לײַב געמאַכט איר בלויע צייכנס...

איז די כמאַרע קוים פון אים אַנטלאָפן
צו מיר —
דאָס האַרץ אירם אויסצוגיסן...

## דער בוים — אַן אונטערגעהאַקטער

דער בוים — אַן אונטערגעהאַקטער —
איז צוגעפאַלן צו דער ערד,
זי אַרומגענומען
מיט אויסגעשטרעקטע הענט,
און זײַן האַרץ, וואָס האָט אויסגעברענט,
באַוויזן האָט נאָך אַ געשריי טאָן:
מאַמע!

די פֿייגל — אין שרעק — זענען זיך צעפֿלויגן,
געזעצט זיך שיבעה אויף אַ שכנותדיקן בוים,
און מיט קלאָג באַזוימט
די פֿאַרבראָכענע פֿליגל.

איצט שטייט דער פּניאָק אַ פֿינצטערער
און שווײַגט.
הערן זיך די ביימער אײַן צו זײַן געשריי,
וואַרגן זיך מיטן זאַפֿט,
וואָס טריפֿט אין זיי,
און ראַנגלען זיך — באַגאָסענע מיט שרעק –
גאַנצע נעכט אין חלום —
מיט די אויפֿגעהויבענע הענט...

# אין דער טונקעלער קאַמער

אין דער טונקלער קאַמער הענגט אַן אָפּגעפּליקטע גאַנדז. —
(פליגן הוליען אַרום איר אין אַ ווילדן טאַנץ.)

ערשט נעכטן איז זי אינעם טײַכל פרײַ אַרומגעשווימען, —
(געווען מיט וואָס זיך פאַר די הינער צו באַרימען.)

שיהען לאַנג אין וואַסער זיך געטונקט, געפּליושקעט, —
(דאָס ווינטל האָט אין אויער איר ליבערייד געשושקעט.)

שפּעטער צו געשטשיפּעט אויף דער לאָנקע זאַפטיק גראָז. —
(דער הימל האָט געמיניעט זיך אָט בלוי, אָט געל, אָט ראָז.)

געווען אַ ליכטיק זײַן, מיט ליבע און מיט האָנער, —
(איר אָפּבלאָזן די טריט עס פלעג דעם שכנס גאָנער.)

איר נאָכגיין און איר אויסזוכן אַ ווערעמל בײַם טײַך. —
(איז ווער געווען צו ביידע זיי — אין דעם אַרום דאָ — גלײַך ? !)

איצט בלאָנקעט ער און זוכט און קאָן זי נישט געפינען. —
(ער זעט ווי דער אַרום גייט שטיל אַראָפּ פון זינען.)

פאַר וואָס באַווייזט זי זיך נישט מער — ער קאָן דאָס נישט
דערקלערן.
(נישט קיין וואַסער רינט אין טײַכל, דאָס זענען זײַנע טרערן...)

# דער שטיין

דער שטיין —
ער איז פון אײַזן אַז ער טראָגט דאָס איבער.

די ראַנגלעניש אין פיבער,
ווינטן,
רעגנס,
שנייען
און די זון, זי בראָט אים —
עלנט ווי אַ שטיין
ביזן לעצטן אָטעם.
און פאַר עמעצן זיך קלאָגן
פעלט אים אויס דער דיבור. —

ער איז, דער שטיין, פון אײַזן
אַז ער טראָגט עס איבער...

# אַ געזאַנג צו אַ דערהרגעטער פליג

האָסט געזשומעט, אומגעפלויגן,
פרייד און שײַן אַרײַנגעזויגן
האָבן דײַנע קלאָרע אויגן —
טובהלע.

האָסט געשפּילט זיך אויף דער שויב,
אויסגעזונגען דאַנק און לויב
וואָס דו לעבסט, מײַן שטילע טויב, —
פּרובעלע.

דיך דערשטיקט עס האָט אַ היצל,
ווײַל געשטיפט, געמאַכט אַ וויצל,
אויף זײַן אויער געטאָן אַ קיצל —
אַהובהלע.

איצטער ליגסטו אויפן דיל.
אַזוי טראַגיש, אַזוי שטיל
אָן פאַרלאַנג, געפיל און שפּיל —
זבובעלע.

## דער אונטערשייד

אין געדיכטעניש פון וואַלד, צווישן טאַפּאָלן און לינדן,
האָט אַ יעגערהונט געיאָגט זיך נאָך אַ הינדין.

— אומזיסט דײַן מאַטערניש — האָט, ווי מיטן ווינט געטראָגן,
געזאָגט צום הונט די הינדין —
דו וועסט מיך נישט דעריאָגן ! ...

— פאַר וואָס ? — געפרעגט האָט זי דער הונט —
דו לויפסט דען שנעלער ?
— אַוודאי — זאָגט די הינדין — מײַן לויפן איז דאָס שטרעבן
צו ראַטעווען מײַן לעבן,
ווען דײַנס
דעם האַר דײַנעם געפעלן...

## דער עיקר

— דו שרײַסט אַזוי, פֿאַרטויבסט די אויערן —
געבייזערט האָט זיך אויפֿן האָן דער הונט.
איך גיי אַרום ווי אונדזער באַלעבאָס
באַרוישט און שיכּור.

— מײַן שרײַען — האָט דער האָן געענטפֿערט —
האָט אַ זין, אַ גרונט,
עס געפֿעלט די הינער מײַנע.
און דאָס, דו כּלב איינער, איז דער עיקר...

# דער וואָלף און דער יעגער

— וואָס האָסטו צו מיר ? — האָט דער וואָלף צום יעגער
געטענהט.
וואָלט איך אַ לאָם געווען, וואָלט איך ווי ער
געטשיפּעט גראָז.
בין איך אַ וואָלף און די שולד איז נישט מײַנע
וואָס מײַן שפּײַז איז אַ קאַלב צי אַ האָז...

— ס'איז מיט מיר — האָט דער יעגער געענטפערט —
די זעלבע געשיכטע,
און אומזיסט איז דײַן טענה צו מיר.
דו, ווי אַ וואָלף, מוזסט אַ קאַלב צי אַ האָזל
פאַרניכטן,
איך, ווי אַ יעגער, טו דאָס זעלבע מיט דיר...

## באַרג און טאָל

— איך בין הויך און שטאַרק און מיט אַ שאַרפֿן קאָפּ,
איך דאַנק און לויב דעם גורל פֿאַר דער טײַערער גאָב! —
אַזוי געבערדט עס האָט דער באַרג צום טאָל אַראָפּ.

— אמת — האָט געזאָגט דער טאָל און זיך פֿאַרקלערט. —
איעדער איז מיט עפּעס־וואָס באַשאָנקען אויף דער ערד.
דעריבער האָט מײַן טיפֿקייט אפֿשר אויך אַ ווערט!...

# די עקרה

אַז עס קומט דער פרילינג, פירט דאָס פויער־מיידל זי אַרויס
פון טונקעלער שטאָל,
פירט זי פּאַשען אויף דער לאָנקע, טרינקען וואַסער
פונעם קוואַל.
פאַר נאַכט צו פירט מען זי אַהיים. מע גיט איר קײַען
שמעקנדיקן היי.
פאַרטרינקט מיט וואַסער פריש אַן עמער, און אַז סע דאַרשט זי,
טרינקט זי צוויי.

איצט גייט זי אויף דער לאָנקע אום, טשיפּעט גראָז
און טראַכט:
אַוודאי איז איר גוט און ווויל, נאָר ווען עס העלפט נאָך גאָט
און עפנט אויך איר טראַכט
און זי געבוירן זאָל אַ קעלבעלע אַ רויטינקס, אויפן שטערנדל —
אַ ווײַסן פלעק,
און ענלעך זײַן צום שכנס בוהײַ, מיט שטרײַפלעך רויטע
אויפן עק,
און זײַן זאָל עס אַ מונטערדיקס, מיט אויגן ברייט צעעפנט
צו דער זון,
אַרומשפּרינגען און בריקעווען און... און...
אַ בוצקע אין די אײַטערס די געשוואָלענע פון מילך
און זי, די מאַמע, זאָל זיך צוהערן צום הילך...
אַוודאי וואָלט דאָס לעבן באַקומען גאָר אַן אַנדער זין. —

נאָר איצט — מישטיינס געזאָגט — איז איר לעבן
ווי אויפן פעלד דער קלין,
וואָס שטייט אָט דאָ אין קאַלטער, פײַכטער ערד,
שטעקט אַרויס אַן עלנטער, הערט זיך אײַן
און הערט

ווי זי, די קו, דאָ בלאַנקעט אום און מעלה־גרהט גראָז
און איז מקנא יעדערן, אַפילו דעם פּחדנותדיקן האָז,
וואָס שפּיצט די אויערן אָן ביים מינדסטן בלאָז פון ווינט,
נאָר שפּרינגט אַרום אין פעלד און זאַמלט גרעזלעך
פאַרן קינד...
אַמ לויפט אַ סוסליק אום און שלעפּט צו זיך אין לאָך
פאַרן ליבן קליינוואַרג בלעטעלעך און מאָך...

נאָר זי, די פינצטערע עקרה, וואָס איז איר לעבן דאָ?
אָן מוטערפרייד אַרומבלאָנקען פון פרי ביז אָוונט־גראָ.
זיך ווידער שטעלן אין דער קאָמער מעלה־גרהן היי
און אויסמערוקען איר עקרהשאַפט און נאָגנדיקן ווייי...

1948

# אין קעלער

זײַן װױנאָרט איז אונטן, אין קעלער,
צװישן די קאַסטנס מיט מיסט.
אין ברוכװאַרג פון טעפּ און פון טעלער
נישטערט ער אום און ער ניסט.

אין דרױסן באַװײַזט ער זיך זעלטן,
די מענטשן פאַרפּאָלגן אים בײז.
אום װינטער אים מוטשען די קעלטן,
אום זומער — באַגיסט אים אַ שװײס.

װײַל װי נאָר אין גאַס ער באַװײַזט זיך,
װערט אױף אים באַלד אַ געיעג.
מע װאַרפט אױף אים שטײנער, מע כּעסט זיך:
— אַ שװאַרצער שלימזל אין װעג!

ער קאָן נישט דערגײן װאָס סע אַרט זײ,
פאַר װאָס איז די שטראָף אַזױ האַרב.
דערפאַר װײַל זײַן פעל איז אַ שװאַרצע
און נישט פון קײן אַנדערער פאַרב!!

בגנבה ער קוקט אױפן געסל,
סע זאָלן אים מענטשן נישט זען —
ער קאָן נאָך ביז הײַנט נישט פאַרגעסן,
גלײַך ס׳איז ערשט נעכטן געװען.

אַט זעט ער דעם זוניקן דרױסן
און זעט דאָרט װי אַנדערע קעץ
באַגריזשען אַ פלײשבײן אַ גרױסן,
אַ פלײשבײן באַהאַנגען מיט פעטס.

דער ריח געקיצלט די נאָז אים, —
ער פילט אים נאָך היינט אויף די ציין, —
האָט ער מיט אַן אימפּעט געלאָזט זיך
אַהין צו די קעץ מיט דעם ביין.

און דאָ האָבן יינגלעך אַ כאַפּטע,
וואָס שפּילן זיך פריילעך אין גאַס,
דערזען אים ביים קעלער און ראַפּטעפּ
אויף אים זיך געוואָרפן מיט כעס.

מע האָט אים באַוואָרפן מיט שטיינער,
צעקלאַפּט אים אַ פּוס און אַ ריפּ,
פאַר צאָרן ער האָט דאָרטן איינעם
צעדראַפּעט די נאָז און אַ ליפּ.

איצט הענגט זיך אים נאָך ווי אַ שמאַטע,
די פעל און עס נויעט די ווונד.
ער פילט זיך אַזוי ווי בשעתו
געפילט האָט זיך ראַבטשיק, דער הונט...

עס מעגן אים דאַרן די קישקעס,
און סאָכנען סע מעג אים אַ דיך,
צי האָט ער אַ מאָל כאָטש אַ קרישקע
געלקחנט ביי זיי פון דער קיך.

ווער שמועסט שוין פון פלייש, צי פון קנאָכן,
צי עפּעס אַזוי צו דער זעט. —
זיי וואָלטן די פים אים צעבראָכן,
זיי וואָלטן דעם קאָפּ אים געפּלעט...

אַפילו דער קאַטער, דער ווײַסער,
וואָס איז אים כּלומרשט אַ פֿרײַנד,
איז אויכעט פֿאַרקויפֿט צו די שמײַסער
און אויך אַ פֿאַרביסענער פֿײַנד.

ער ווױנט בײַ די זאַטע, די רײַכע
און ווייסט נישט פֿון זאָרג און פֿון עול.
ער ליגט דאָרט אויף קישעלעך ווייכע
און מילעך ער זופּט פֿון אַ שאָל.

פֿילט ער זיך פּעט בײַ דעם האַרצן —
ווען זײַנס איז פֿאַרחלשט און נאָגט —
צי קען ער פֿאַרשטיין דען אַ שוואַרצן,
וואָס ווערט פֿון איעדן געיאָגט!?

אָ, וואָלט ער געוועזן נישט איינער —
ווײַל וואָס איז מען איינער אַליין! —
ער וואָלט זיי מיט נעגל און ציינער
געגעבן זיי דאָרט צו פֿאַרשטיין,

אַז ווייטוט נישט ווי נאָר אַ ווײַסן,
אַז אויכעט אַ שוואַרצן טוט וויי.
און טוט מען זײַן פֿעל אים צערײַסן,
רינט בלוט פּונקט אַזוי ווי בײַ זיי...

נאָר איצט טוט דאָס האַרץ אין אים קלעמען. —
ער הייבט דאָס נישט אָן צו פֿאַרשטיין,
פֿאַר וואָס און פֿאַר ווען און פֿאַר וועמען
און וואָס איז דער אמתער מיין,

וואָס יעדער אים רודפט פֿאַרביסן,
און קיינער עס לאָזט אים נישט צו,
ער זאָל כאָטש אַ ביסל געניסן
פֿון דרויסן, פֿון זון און פֿון רו...

— — —

נאָר שפּעט אין דער נאַכט, ווען אין הימל
באַווייַזט זיך די גאָלדענע מויז
און אַלץ איז פֿאַרזונקען אין דרימל,
קריכט ער פֿון קעלער אַרויס.

ער אָטעמט מיט לופֿט אַזוי גערן,
די מילך ער לעקט פֿונעם ליכט
און פֿילט ווי לבנה און שטערן
אים קושן זייַן טונקל געזיכט...

1948

# שפּאַצירט זיך דער הייליקער מולד

שפּאַצירט זיך דער הייליקער מולד אַרום
איבער דעם הימל דעם בלויען.
די שטערן דאַווענען היים און פרום
די תּפילה פון זילבערנע טויען.

זיי שוועבן זיך צו אַ ניגון גאַנץ פֿײַן
און גייען אַ ריקוד אַ שיינעם
און פירן דעם מולד אין מיקווה אַרײַן,
זיך טובלען אין טײַך דעם ריינעם.

דערזעען די פיש, דער מולד איז דאָ,
איז מען מקבל־פּנים,
מע מאַכט אים אַ וואַרע, און ברוך־הבא,
און ווינטשן אַריכת־ימים.

פירן אים באַלד צום גוטן־פיש, —
צום קאַרפּ מיט די ייִדישע אויגן, —
הייסט ער גרייטן באַלד דעם טיש
און דערלאַנגען די פײַנסטע רויגן...

מע זאָל אויפוועקן הייסט ער, די בטלנים די צען,
וואָס לידלען מיט שטומע גראַמען,
און פּראַווען אַ טיש, עס זאָלן אים זען
אַלע שיבעה ימים.

און ברענגען די יונגע פישלעך אַהער
פון אַלע פאַרבאָרגענע ערטער
און זינגען עס זאָל דער גבאי דג־בער
אַ ניגון אָן קול און אָן ווערטער.

נאָר באַלד איז געקומען צו שווימען דער העכט —
עמעצער האָט שוין פאַרמסרט —
געפרעגט אויף פּאַפּירן און מיט וואָס פאַר אַ רעכט
מען מוטיעט אין טײַך דאָס וואַסער!...

און ווער האָט עס זיי, די פּישלאַקעס דערלויבט
די דאָזיקע סאַבראַניע?
און וואָס איז דאָס פאַר אַ לשון בײַם דרויב:
כאַל—כאַל און מודה אני?...

און ווער איז אָט יענער וואָס שטייט ביי אַ זײַט
און זינגט אַ שטומע סאָלאָ?
צי איז ער נישט פון אָט יענע לײַט
וואָס שמעקן מיט קראַמאָלע?..

האָט מען געזען ס'איז ביטער־שלעכט,
אַז מע דאַרף אים אין מויל אַרײַן געבן,
אַנישט וועט דער יאַסנעוועלמאָזשנע העכט
פאַרקירצן זיי דאָס לעבן...

האָט מען געמאַכט אַן אסיפה באַלד אויפן אָרט
און גענומען דעם ענין באַקלערן.
און וויל דאָ עמעצער זאָגן אַ וואָרט —
איז אַדרבא, וועט מען הערן.

האָט גענומען דאָס וואָרט אַ טײַך־באַלעבאָס,
אַ פיש מיטן נאָמען רב שלײַען,
וואָס קען דעם טײַך אות־באות,
נישט ווייניקער פון רב סודעקל דיין.

האָט ער אויף שטום-לשון אַזוי גערעדט:
— עת-צרה לדגים, רבותים.
ויהי נועם, העלפט נאָר פאַר אַ שד,
איר פאַרשטייט שוין וואָס איך בין אויסן...

און כּדי סע זאָל ווידער ווערן ווייל,
זאָל מען דעם אָדון מיט וואָנצעס
גוטנען פאַר זײַן טרייפענעם מויל
פישלעך צען האָלעדראַנצעס...

פון יענע וואָס טענהן „שלך—שלי"
און מוטיען דעם טײַך מיט בונטן, —
און מאָרגן, אם-ירצה-השם, אין דער פרי —
וואָס פריִער וועט זײַן געזונטער —

זיי אָפּגעבן אַלע דעם גרויסן האַר,
דעם יאַסנעוועלמאָזשנע שׂררה
און אָפּטאָן עס וועט זיך פון אונדז דער גזר
פון בילבול און עת-צרה...

האָבן אַלע געזען דער שלײַען האָט רעכט,
און אַ שיינע ריינע כּפּרה....
און עס קיניגט אין יענעם טײַך דער העכט
אַ שיינעם שאָק מיט יאָרן...

1948

# דער מאַרק

פֿונעם מאַרקטאָג דער אַלטער מאַרק
פֿילט זיך אַ היפּש ביסל מיד.
ער זעט: בײַם בית־עולם דער באַרג
בלאָזט זיך, גלײַך צום הימל ער פֿליט.

קען דער מאַרק נישט פֿאַרשטיין באין־אופֿן,
וואָס האַלט זיך דער באַרג אַזוי גרויס:
קען מען דען פֿון זיך אַנטלויפֿן?
פֿון דער אייגענער הויט אַרויס?

וואָלט ער צווישן פֿעלדער געשטאַנען,
וואָלט ער אַ פֿעלד געווען,
מיט סאָנעטשקעס, מיט באַשטאַנעס,
מיט אוגערקעס, ריבן און כריין.

נאָר אָסור צי וויל ער דאָס ווערן, —
ס'איז אים דאָ, חלילה, נישט שלעכט.
צי קוקן נישט אויף אים די שטערן
אין די אויסגעלבנהטע נעכט?...

און ליגט נישט איבער אים דער הימל
ווי איבער אַ פֿעלד ער ליגט?
און כאַפּט ער פּאָר נאַכט צו אַ דרימל —
גלעט אים דאָס ווינטל און קוויקט.

די זון באַשפּריצט אים מיט שטראַלן,
דער רעגן באַוואַשט אים אויף גלאַנץ.
ער האָט ליב ווען די טראָפּנדלעך פֿאַלן
און גייען מיט אים אַ טאַנץ.

און ווו ערגעץ שטייט עס געשריבן,
אַז זײַן ביים בית-עולם אַ באַרג
איז שענער דער יִיחום און ליבער,
ווי זײַן אין שטעטל דער מאַרק.

מיט מענטשן זיך זען און הערן
אַ לאַך און אַ לעבעדיק וואָרט
און נישט — אַז באַהיט זאָל מען ווערן —
שטיין לעבן הייליקן אָרט

און זען בלויז מצבות און קברים
און — שטראָף מיך נישט גאָט פאַר די רייד —
דאָס האַרץ דײַנס זאָל נאָגן דער וואָרעם
פון טרויער, פון עלנט און לייד.

און צוזען אַזוי פיל טרערן,
וואָס קענען צעברעכן אַ שטיין,
און די סאַמע זיסטע מייערן
בּיטער מאַכן ווי כריין...

נאָר ער, שוין אַ היפּש ביסל יאָרן,
צווישן די געסלעך ער שטייט,
מיט זיי גוטע-פרײַנד געוואָרן
אין פרייד, צי חלילה אין לייד...

באַזאָרגט זיי מיט אויבסטן און פּרוכטן,
און וואָס נאָר זייער האַרץ באַגערט,
און מאָנט נישט ביי זיי, זאָל זיך דוכטן,
וואָס אַ פוילע פלוים האָט די ווערט...

ווי מיט גוטע שכנים מע לעבט זיך —
אַזוי האָט דער מאַרק אַלץ גערעדט,
נאָר ס'האָבן די אויגן געקלעפּט זיך,
ווײַל טונקל געוועזן שוין און שפּעט.

און געברענט האָט שוין אויך דער לאַמטערן,
האָט ער די אויגן פֿאַרמאַכט
און ס'האָט אים געקושט אין שטערן
די גוטינקע מאַמע, די נאַכט...

1948

מע דאַרף ליב האָבן דעם אמת מער ווי זיך אַליין
נאָר דעם פרײַנד דײַנעם מער וויפל דעם אמת.

ראָמען ראָלאַן

# צווישן פרײַנד

## אָוונטצײַט קום צו גײן

אָוונטצײַט קום צו גײן,
מיר װעלן נעמען צו ביסלעך װײַן
און אײנער דעם צװײטן לײענען לידער.

ערגער זיך נישט, װאָס דײַנע זענען בעסער! —
דאָס איז,
װײַל דײַן האַרץ איז גרעסער...

אָוונטצײַט קום צו גײן,
מיר װעלן נעמען צו ביסלעך װײַן
און אײנער דעם צװײטן דערצײלן מעשׂיות.

ערגער זיך נישט, װאָס דײַנע זענען װי אַ רעגן־בױגן! —
עס באַשײַנט זײ דאָס ליכט
װאָס שטראַמט פֿון דײַנע אױגן...

אָוונטצײַט קום צו גײן,
מיר װעלן נעמען צו ביסלעך װײַן
און אײנער צום צװײטן שװײַגן.

ערגער זיך נישט, װאָס דײַן שװײַגן רעדט!
ביסט אױך אין דײַן שװײַגן
געבענטשטער פּאָעט...

# ווערסט נישט מיד צו זינגען

ווערסט נישט מיד צו זינגען,
כאַטש דײַן גוף איז מיד.
ווער זשע האָט מיט רינגען
דײַן געזאַנג פאַרשמידט?

נישט פאַראַן קיין מאַנגל
אין וואַרעמס און אין קאַלטס.
דער אייביקער גראַנגל
איז דײַן ברויט און זאַלץ.

גיסטו אָן מיט צויבער
זילב און וואָרט און קלאַנג, —
אײַנגעהילט אין זויבער
איז דײַן פרום געזאַנג.

# דו מיינסט אַוודאי

דו מיינסט אַוודאי אַז איך רעד פון היץ, —
זאָל מיר שוין אַזוי דער קאָפּ נישט ווײ טאָן!
אַט קלעטער איך אַרויף דעם באַרג
ביז סאַמע שפּיץ,
און פון אויבן צו דער גאַנצער וועלט
אַ קרײַ טאָן...

עס רעדט זיך נאָר אַזוי. איך בין דאָך נישט קיין האָן
און קוק נישט אויף דער וועלט
ווי אַ האָן אין בני־אָדם.
גלאַט אַזוי. עס ווילט זיך עפּעס טאָן,
עס איז דאָס האַרץ מיט לידער
און מיט טרוימען אָנגעלאָדן.

ווילט זיך מיר אַ קרײַ טאָן צו דער וועלט,
זי זאָל מײַן וואָרענונג דערהערן...
ווײַל אויב צו שחרית־ליכט אַ גאַנצע שעה
נאָך פעלט —
נאָר ליכטיק סוף־כּל־סוף וועט ווערן...

1968

# נישט קריג זיך מיטן טויט

נישט קריג זיך מיטן טויט, מײַן פֿרײַנד,
קאָן זײַן
דו וועסט, חלילה,
זיך נייטיקן אין אים
ווי אין אַ מאַמען,
און ער, אַ באַלײדיקטער,
וועט פֿאַרזאַמען...

נישט קריג זיך מיטן טויט, מײַן פֿרײַנד.

*

עס האָט פֿאַר יעדערן געקלעמט זײַן האַרץ,
געקרענקט.
אַלץ האָט ער צעגעבן,
אַלץ — צעשענקט:

זײַן צײַט,
זײַן רו,
זײַן לעצטן ביסן.
געלאָזט פֿאַר זיך נאָר איינס:
זײַן ריין געוויסן...

# העלף מיר אויפשטיין

העלף מיר אויפשטיין. זע, איך בין געפאַלן...
פוקסלעך האָוועןָ אַרום מיר
און שאַקאַלן.

דער פאַרדאַכט
האָט שטיל פאַרגנבעט זיך, אין מיר
אַרײַנגעדרונגען,
אָנגעטאָן אויף הענט־און־פיס
אײַזערנע רינגען...
ווי אויף אַ שׂרפה אין דער נאַכט
עס קלינגען גלעקער, קלינגען.

העלף מיר אויפשטיין. אויף די פיס זיך שטעלן.
עס וועלן גוטע־פרײַנד נישט פעלן —
אין וועמען איך האָב זיך קיין מאָל נישט גענאַרט...
און דער קוואַל פון צוטרוי, וואָס איז געווען פאַרשפאַרט,
וועט ווידער לויטער קוועלן...

## פרעג מיך נישט...

דער וועג צום קוואַל איז נישט קיין גראָדער:
ניין און נײַנציק שטעגן פירן צו דעם וועג.
בלאָנדזשע איך און ווער אַלץ מאַטער,
אויף די אַקסלען פיל איך שוין דעם אָוונט־פלאַטער
און אָנגעזאַפּט מיט אומרו זענען מײַנע נעכט און טעג.

דער רעגן הערט נישט אויף צו גיסן,
אויסגעמישט עס האָט זיך דער הימל מיט דער ערד.
דער פאָדעם צו מײַן שטערן האָט זיך אָפּגעריסן,
דער גורל מײַנער האָט נישט קיין געוויסן,
איז אַלץ וואָס איך פאַרטראַכט קומט אויס פאַרקערט...

אויך דו טוסט אַלץ מיר קידער־ווידער
און עפּעס וואָס, ווי איך, פאַרזען.
דו פילסט נישט ווי איך ווער אַלץ מידער,
הערסט נישט מער דעם דופק פון די לידער,
איז פרעג מיך נישט פאַר וואָס, פאַר ווען!...

1970

## דער ווינט איז היינט אַזוי גוט

דער ווינט איז היינט אַזוי גוט צו מיר
און מילד,
ווי דיינע שמייכלענדיקע אויגן אויפֿן בילד. —

ער ברענגט מיר אָן פֿון ווייטן
דאָס געזאַנג פֿון היימלאַנד באַנייטן.
אַ טראָפּנדל פֿרייד פֿון מיין דור. —
אַ חלום געאָרעמט מיט וואָר. —
און דעם אַראָמאַט פֿון דיינע האָר.

דעם ריטעם פֿון דיינע רייד די שטילע —
עמעצנס אַ געלייטערטע תּפֿילה. —
אַ פֿויגלס געטריל אין זיין פֿלי,
אַ גרוס פֿון מיין פֿאָלק אין זיין מי, —
איך שטעל זיך פֿאַר אַלץ אויף די קני...

דער ווינט איז היינט אַזוי גוט צו מיר
און מילד,
ווי דיינע שמייכלענדיקע אויגן אויפֿן בילד.

1972

*

איך בין זיך מודה־ומתוודה:
איך בין מיט יענע גראַד וואָס זאָגן:
איך האָב ליב!
און מיט זיי וועל איך שוין זײַן אַוודאי
ביז מײַן לעצטן אָטעם.

און ווי רב לוי יצחק, דער זון פון שׂרה,
בײַ יעדן אומגליק — חס־וחלילה —
און עת־צרה,
געפינען כּוח און וואָרט צו טרייסטן,
צו בענטשן,
צו גלייבן
און צו האָפן.
איך וויל נישט זײַן יד־אחת מיט די שטראָפערס
וואָס האָבן מיט טויט־קללות אונדז געשאָלטן
און פאַרשאָלטן...

1972

*

מיט הייליקע טריט גייט אַרום דאָ גאָט
און בענטשט יעדן נײַ־געקומענעם ייִד,
הערט זיך אײַן אין קלאַנג פון יעדן וואָרט
אין עבֿרית.
ער קוקט אים טיף אין די אויגן אַרײַן
און שענקט אים אַ פולן בעכער מיט שײַן,
צעבליט זיך דער דרויסן מיט אַ גליקלעכן שמייכל:
שלום־עליכם!
שלום־עליכם!

פון די בערג נידערט די רו אַראָפּ,
די רו פון אַן אייגענער היים —
די טײַערסטע גאָב
וואָס דער מענטש פאַרמאָגט —
און עס לײַטערט זיך אויס דער הימל אין האַרץ
און עס טאָגט
און אויסגעגלײַכט ווערט דער רוקן
פון הויקער
און עס זינגען די בערג:
ויהי בוקר! ...

1972

*

ס'איז שטיל אַרום. די ביימער בײַ די קברים
וואַכן.
לאָזן נישט צו קיין מינדסטן גערויש.
דער האָריזאָנט פלעכט אוים אַ גילדענעם קויש
פון שטראַלן
דער פאַרגייענדיקער זון.
ערגעץ אין דער נאָענט וויינט שטיל אַ מאַמע
בײַם קבר פון איר זון,
וואָס איז אין קריג געפאַלן...

1974

# וואָס שרעקן דיך, קינד מײַנס

וואָס שרעקן דיך, קינד מײַנס, די כמאַרעס?
זיי קומען, דו ווייסט דאָך, פון פאַרע.
פון טראָפּנדלעך וואַסער
זיי בילדן זיך,
ווערן,
און טײַלווײַז,
אויך טײַלווײַז
פון ייִדישע טרערן...

1974

## לי איכּפּת

מיך גייט עס אָן — מיך אַרט עס
ווען עמעצער נאַרט, צי גענאַרט איז,
ווען עמעצער רויבט, צי באַרויבט איז,
ווען עמעץ פֿאַרטויבט, צי פֿאַרטויבט איז,
ווען ערגעץ אין לאַנד איז נישט גלאַט, —
לי איכּפּת.

לי איכּפּת,
ווען עמעצער שטראָפֿט, צי געשטראָפֿט איז,
ווען עמעצער בלאָפֿט, צי געבלאָפֿט איז,
ווען אין לאַנד איז נישט אַלצדינג אַמבעסטן,
די יוגנט — פֿאַרלאָזט און צעפּעסטעט,
ווען ערגעץ פֿאַרדרייט איז דער פּשוטער פּשט, —
לי איכּפּת.

לי איכּפּת,
ווען עמעצער בלענדט, צי פֿאַרבלענדט איז,
ווען עמעץ פֿאַרלענדט, צי פֿאַרלענדט איז,
ווען יורדים די עולים עס ווערן,
ווען אונדזערע זאָרגן זיך מערן,
די אַרבעט זי פֿויזעט לאַט-לאַט, —
לי איכּפּת!
לי איכּפּת!

1974

*  *
*

„ביז ס׳הייבט אָן טאָגן״ איז מײַן צווייטער בוך וואָס זעט די ליכטיקע שײַן אין ישראל.

„ביז ס׳הייבט אָן טאָגן״ — ווײַל די חשכות האָט נאָך נישט אָפּגעטראָטן און די טונקעלע כוחות באַלעבאָטעווען נאָך אויף אונדזער בידנער ערד. —

דער ציקל „אַנטקעגן וויסטן נסיון״ איז אויפגעקומען אין יענע וויסטע יאָרן פון „גלות־טראַנסניסטריע״, ווו חורבן און טויט האָבן אונדז פאַרפאָלגט פוס־טריט און אויסגעשניטן צענדליקער טויזנטער ייִדן. זאָל אָט דער ציקל לידער זײַן אַ קדיש און אַ מצבה אויף זייערע קברים די צעזייטע און צעשפּרייטע אויף אַלע וועגן און אומוועגן פון טראַנסניסטריע.

די אַנדערע ציקלען זענען געשריבן געוואָרן אין פאַרשיידענע צײַטן, פאַרשיידענע אומשטענדן און שטימונגען.

די לידער פון לעצטן ציקל זענען אויפגעקומען דאָ אין ישראל. זיי זענען נאָך ווייניק אין צאָל הגם איבערגעפולט מיט פרייד, מיט ליבע און יִראת־הכּבֿוד, ווי אויך מיט זאָרג פאַר אַלץ וואָס מײַנע אויגן און מײַן האַרץ האָבן אויפגענומען אין אונדזער מדינה.
איך בלײַב איר נאָך אַ גרויסער בעל־חוב.

**דער מחבר**

אינהאַלט:

## אַנטקעגן וויסטן נסיון



## אַלץ איז גורל



## אין ווילדן ווערטערוואַלד

## ביז ס׳הייבט אָן טאָגן

## מיד פֿון וואָגלען



## צווישן פֿרײַנד